י. ל. פרץ



# פון שטוב און גאַס





ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# אינהאַלט פון צעהנטען באַנד.

## ערשטע אָבטיילונג: געדיכטע.

ראָמאַנצען. זייט


| | |
|---|---|
| אויף דיין באַלקאָן | 9 |
| עס שיינט די לבנה | 10 |
| וואו עס וועט מיין מזל | 11 |
| שווארצע פליגעל | 12 |
| ך'האָב מיך אויפ'ן בעט געוואָרפן | 13 |
| עס מאַכט צו מיר די לבנה פון הימעל | 14 |
| אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ריימען געשמיעדט | 15 |
| אַ טרער | 16 |
| סייל מאָל דאַכט זיך מיר | 17 |
| אין דער שטילער נאַכט | 18 |
| טרויעריג פרעגן מיינע ליעדער | 19 |
| האָסט געציעלט און האָסט געטראָפען | 20 |
| צווישן בלומען | 21 |
| פערגעסען און פערשטויבט | 22 |
| שטאָלץ געהט אָב די זון | 23 |
| עס בליהט דער בוים גינגאָלדען | 24 |
| ס'מזל שטעלט מיר אויף אַ רעטזעל | 25 |
| תאָף און גלייב | 26 |

ווען איך בין אַ גאָט . . . . . . . . 27
די נאַכט . . . . . . . . . . 28
ווען מען איז ערגער . . . . . . . . 30
אין קבר . . . . . . . . . . 32

## צווייטע אָבטיילונג:

הומאָר.

אַיין איבערקעהרעניש . . . . . . . 37
אויספערקויפט . . . . . . . . . 39
פאָלקס-מאָטיוו . . . . . . . . . 40
איך האָב געוואָלט זי שטודירען . . . 41
מיש-מאַש (דער יתום) . . . . . . . 42
קליינע מענשען, דראָבנע מענשען . . . 43
אויגען און ליפּלעך . . . . . . . 44
דער פּאָעט . . . . . . . . . . 45
טאָמער . . . . . . . . . . . 47
אמת און שקר . . . . . . . . . 48
ברידער . . . . . . . . . . . 49
אַ טעאַטער איז די וועלט . . . . . 51
אַך, מיין נשמה . . . . . . . . . 53

## דריטע אָבטיילונג:

ביטערקייט.

מיין מוזע . . . . . . . . . . 57
די נאַכט-וועכטער . . . . . . . . 58
דאָס נייע וויעגען-ליעד . . . . . . 60

זייט


וואָס געענטפֿערט איהר בלאַנקע בליצען . . . 63
אַך, פֿאַר וואָס האָסטו גאָט מיך פֿערשאָלטען 64
רבונו של עולם, פֿון אַלע די צרות . . . 65
איין אָקס, אַ יונגער, גיט ראַפּסים אין שטאַל 66
אַן אדום . . . . . . . . . . 68
גאָט זאָגט... . . . . . . . . . 69
וואָס פֿאַר אַ מין חיה... . . . . . . . 71
דאָס געבעט פֿון שעפּעלע . . . . . . 73
פֿון יחזקאל . . . . . . . . . 75
פֿון יחזקאל קאַפּיטעל ל״ג . . . . . . 81
כסא שלמה . . . . . . . . . 83
דעם לייבס לויה . . . . . . . . 92
ער און זי I. . . . . . . . . . 97
ער און זי II. . . . . . . . . . 107
פֿריהלינג . . . . . . . . . 109
אַמאָל . . . . . . . . . . 110
יוכבד . . . . . . . . . . 112
די שול־קאַלינע . . . . . . . . 117


---

## פֿיערטע אָבטהיילונג:

פֿון דער ערבעס.


דריי נייטאָרין . . . . . . . . 123
וואָס טראַכטען און קלערען . . . . . 125
דאָס געבעט . . . . . . . . 127
לידער . . . . . . . . . 129
ביים פֿרעמדען חופּה־קלייד . . . . . . 131


---

## פינפטע אָבטײלונג:

געמישט. | זייט
--- | ---


| | |
| --- | --- |
| ירמיהו׳ס בריעף | 153 |
| ר׳ חנינא בן דוסא | 159 |
| דער יודישער קוועסטאַר | 165 |
| פריי אויס גאַדסאָן | 168 |
| דער בעכער | 174 |
| אַ סצענע | 176 |
| ליטעראַטור־סצענע | 179 |
| איך געה אַרום אין פרעמדען וואַלד | 188 |
| וואָס איך וויל פון דיר | 189 |
| פון ישעיהו | 192 |


---

## זעקסטע אָבטײלונג:


| | |
| --- | --- |
| מאָניש | 199 |
| דאָס פאַרטוך | 229 |
| דריי קיכלעך | 245 |
| אויפ׳ן געלעגער | 257 |
| אַ חלום פון אַ ליטווישן מלמד | 261 |


---

*

אויף דיין באַלקאָן הענגען מיינע אויגען;
זיי זעהען דיך נישט!
ס׳וועלקען דאָרט בלומען, די טהיר איז געשלאָסען,
די שויבען פערוּוישט...

ווי אַ פויגעל פליהט אַרויף מיין נשמה
און שלאָגט זיך דאָרט צווישען די אייזען...
שטילערהייט קלאַפּט זי ביי דיר אין די שויבען, —
דו ווילסט דיך נישט ווייזען...

דאַן פליהט זי צוריק, באַנג און דערשראָקען,
דערשלאָגען און מיעד;
אין האַרץ אין קראַנקען הייבט אָן צו קלינגען
דאָס טרויעריגע ליעד!

*

עס שיינט די לבנה, עס בלאַנקען די שטערען,
מיר זענען די אויגען פערלאָפען
מיט טרערען; אַח, זאָג מיר, מיין מזל,
מעג איך נאָך האָפען?

צי פיהרט איהר נישט, שטערען, מיין טרויעריגען אָרון
אין הימלישען וואָגען?
צי וועל איך, לבנה, זעהן מאָרגען דיין שוועסטער? ———
וואָס ועט זי מיר זאָגען?

* *
*

וואו ס'וועט מיין מזל מיך ערגיץ פערוואַרפען
אויף לאַנגע, אויף טרויעריגע יאָהרען — —
געדענק! פאַר רחמנות האָטש לאָז מיר נאָך איבער
אַ פיצעלע אָרט אין זכּרון...

וואָס איך וועל ליידען, די ערד וועל איך קיהלען,
דאָס האַרץ וועלען ווערם מיר אויפעסען,
איך וועל געדענקען! — איך וועל דערפיהלען,
ווען דו וועסט פערגעסען!





שוואַרצע פליגעל — — שוואַרצע קראָהען — —
פינסטער-שוואַרצע געדאַנקען!
קענסט זיי פערטרייבען, לעג צו דיין האַנד גאר
מיר, צו מיין שטערן, דעם קראַנקען!

פינסטערע וואָלקען, בלייערנע וואָלקען
ציהען און לאָזען נישט טאָגען...
און נאָר איינאיינציגער בליק דיינער אויגען
קען זיי פעריאָגען...

קראַנק איז דאָס האַרץ... שווער איז דאָס האַרץ...
ווי פינסטער און גליטשיג איז דאָרט...
און דאָך קען דאָרט בליהען גליק אָהן אַ שיער —
עס דאַרף נאָר דיין וואָרט!

* *
*

ד׳האָב מיך אויף דעם בעט געוואָרפען...
אַח, דער קראַנקער קאָפּ וויל רוהען;
איך פערשליס די קראַנקע אויגען — —
אין דער לופט דאָך יאָגען, פליהען,

טרייבען, מישען זיך און שוועבען
פלעקען פאַרביגע און שפינען
בלומען, שטערען און געזיכטער,
און עס ווערט אַלץ באַלד צורינען!

איין געזיכט פערהאַלט זיך לענגער — —
שוואַרצע אויגען, פול מיט טרערען — —
עפּיס שעפּטשען בלאַסע ליפּען,
נאָר איך קען קיין וואָרט נישט הערען.





עס מאַכט צו מיר די לבנה פון הימעל:
„איך האָב אַ שוועסטער אויף ד׳ר׳ערד:
אַ בלאַסע, דו קענסט זי, איך האָב פון דיין מויל
נישט איין מאָל איהר נאָמען געהערט!"

„רופסט זי פערשידען... מיט טרערען, מיט כעס...
קראַנק ביזט דו דורך איהר, איך ווייס!
זי מוז אָבער האָבען אַרום זיך די שטערען —
זיי אויף מיין שוועסטער נישט ביין!

* *
*

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ריימען געשמידט,
פון זילבער און גאָלד;
און מיינע אייגענע האַרציגע ליידען
קלינגען מיר האָלד...

דערנאָך האָט אַ שטראַהליגען, העלען גוט-מאָרגען
געשיקט מיר די זון...
האָט זי מיין וואַקסען-געל פנים געזעהען,
ווייס זי, ווי עלענד איך בין!

י. ל. פרץ.

# אַ טרער.

אַ וואָלקען האָט פערדעקט דעם הימעל,
ווי אַ שוואַרצער שאַרבען:
עס איז פינסטער ווי אין קבר,
דאַכט זיך מיר, ך'וועל שטאַרבען.

אויף מיין קרענקליך הייסען שטערן
פאַלט אַ טראָפען שווער;
צו וועט דעמאָלט, אויף מיין קבר
פאַלען איהרס אַ טרער?

* *

*

טיילמאָל דאַכט זיך מיר,
אַז מיר זענען טויט,
נאָר אונז חלומט זיך
נאָך די לעבענס-נויט;

און מיר זוכען זיך
טרויעריג און באַנג,
האָטש מיר זענען טויט
און בעגראָבען לאַנג!

* *
*

אין דער שטילער נאַכט,
—קיינער הערט און זעהט! —
גיסט זיך אויס מיין האַרץ, —
הערסט דו מיין געבעט?

אין דער שטילער נאַכט
ליעג איך אויסגעשטרעקט
און וויין... צי האָט די עס
אַמאָל פון שלאָף געוועקט?

* *
*

טרויעריג פרעגען מיינע ליעדער:
וואָס האָסט דו געוואָלט פון איהם?
באָך וואָס האָסטו איהם געצויגען
אין דיין נעץ אַריין?

שמערצליך וויינען מיינע ליעדער:
וואָס האָסט דו געוואָלט פון איהם?
וועניג האָט ער נעכט אָהן שטערען,
וועניג — טעג אָהן זון?

יאָמער קלאָגען מיינע ליעדער:
וואָס האָסט דו געוואָלט פון איהם?
און געקוילעט אָהן רחמנות
האָסט דו איהם!

* *
*

האָסט געציעלט און האָסט געטראָפען
און — דו שמייכעלסט פערגעניט!
האָסט געציעלט און האָסט געטראָפען,
מיר איז דאָס האַרץ מיט בלוט פערלאָפען—
האָסט געזיעגט!

* *
*

און פיין ווי גאָלד איז דיין פערשטאַנד!
און קלאָר דיין אויג, און פעסט דיין האַנד!
און שאַרף די שפיז!
אָהן אַ ציטער! כ׳זאָג דיר אָפען,
האָסט געזיעגט, דו האָסט געטראָפען—
און — איך ליעג ביי דיינע פיס!

## צווישען בלומען.

קאַלט קוק איך אָן
ד׳ווילד רויטען מאָן;
פערשייט און צופלאָסען,
מיט פלאַמען בעגאָסען,
ווינקט ער פון צווישען די זאַנגען...

ד׳בעוואונדער, ווי ס׳שיסט
צום הימעל די רויז;
עס פלאַטערט איהר שויס,
זי ציטערט און פליסט
מיט האַרציג און דופטיג פערלאַנגען!

אין איהר חופה-קלייד
שטעהט די ליליע-פיין;
ווי דער פרישער שניי,
זוי דער הימעל ריין...
נישט זי דאָך האָט מיין האַרץ געפאַנגען!

ס׳פערשטעקט זיך שטיל אין גראָז
אַ בלימעלע אַ קליינס,
אַ פיינס,
אַ בלאָהס, —
און ס׳ציהט מיך מיט אייזערנע צוואַנגען!

*

פערגעסען און פערשטויבט
ליעגט די אַלטע האַרף;
צוריסען און פערשמאַכט
שווייגט דאָס אַלטע האַרץ...

אָפט רייסט זיך פון דער האַרף
אָב אַ שאַרפער טאָן;
עס רייסט זיך אויס פון האַרץ
אַ מאָל אַ שווערער זיפץ,

און פערשטומען באַלד
אויף לאַנגע, לאַנגע טעג
און — נאָך לענגערע —
שטילע, וויסטע נעכט!

* *
*

שטאָלץ געהט אָב די זון,
אין פורפור געהילט!
שטאָלץ זאָגט זי: „גוט נאַכט!
מאָרגען שיין איך אויף.“

עס פערוועלקט די בלום
נאָר איהר וואָרצעל לעבט;
אַריבער וועט דער שניי,
בליהען וועט די רויז!

דער פויגעל פליהט אַוועק
מיט לוסטיגען „אַדיע!“
מיט דעם פריהלינג-שטראַהל
וועקט אייך מיין געזאַנג!

אַלץ שטעהט אויף צוריק,
שיינט און בליהט, און זינגט...
נאָר אַ האַרץ אַז ס׳ברעכט —
ניין, דאָס לעבט נישט מעהר!

* *

*

עס בליהט דער בוים גינגאָלדען,
טרייבט זיך אין דער הייך!
עס יאָגט אַ גראָהער וואָלקען
ר'שטעהט שוין וועלק און בלייך!

ס'בלאָזט אַ ווינד אַ קאַלטער
ער בלייבט פערשטאַר'ט אין שרעק;
ער פאַלט אַ בלאַט און יאָמערט:
איך שטאַרב! איך שטאַרב אַוועק!

„נישט אייביג וועט זיין ווינטער,
דער זומער קומט צוריק;
דער בוים וועט ווייטער בליהען
צו מזל און צו גליק!"

— אמת, — קלאָגט דאָס בלעטעל, —
נאָר וואָס וועט זיין פון מיר!
עס פייפט דער ווינד אָהן רחמים:
מיסט וועט זיין פון דיר!

* *
*

ס׳מזל שטעלט מיר אויף אַ רעטזעל,
הייסט מיך טרעפען. און איך ווייס
אַז עס וועט אומזיסט בעגיסען
ביי דער אַרבייט מיך דער שווייס!

ס׳דרעהט אין מח ווי אַיין עגבויר,
און דאָס האַרץ ברעכט ווי אַ שאַרבען...
מיט׳ן רעטזעל וועל איך גוס׳ן,
אָהן איין ענפער וועל איך שטאַרבען!

# האָף און גלייב.

האָף! נישט ווייט איז שוין דער פריהלינג,
ס׳וועלען שמעטערלינגע שפּרינגען!
נייע נעסטען נייע פייגעל;
וועלען נייע ליעדער זינגען; —

גלויב, די נאַכט וועט זיין פערשווינדען,
און די וואָלקען אויך צורינען,
בלאָה וועט ווייטער זיין דער הימעל —
נייע שטערען, נייע זונען!

נייע רויזען, נייע בלומען
וועקט דעם פריהלינגס זיסער הויך;
עס וועט שיינען, שמעקען, זינגען!
און — אויף אונזער קבר אויך...

* *
*

ווען איך בין אַ גאָט, וואָלט איך אַנדערש געשטראָפט;
איך וואָלט אַ זינדער אַ האַרטען
צוגעזאָגט אַלעס, אי נחת, אי גליק —
איך וואָלט איהם געהייסען נאָר וואַרטען!

י. ל. פרץ.

# די נאַכט.

---

זיך פרוב דעם בלייערנעם הימעל
און קוק אומזיסט מיר אויס די אויגען;
טויט... עס ריהרט זיך נישט דער וואָלקען,
און קיין שטראַהל איז דורכגעפלויגען.

אָהן אַ צייכען, אַז דער מאָרגען
נייער האָפענונג און שטרעבען
זאָל דעם טויטען וואָלקען שפּאַלטען
מיט אַ שטראַהל פון נייעם לעבען...

שאַ, אַ שאָרך! אַך, פליגעל רוישען
אין דער לופט. וואָס ערוואַכט?...
אַח, די פלעדער-מייז!... זיי לעבען!
זייער האָגע... זייער נאַכט...

* *
*

אַ נאַכֿט, אַ נאַכֿט אַ חשך׳דיגע
איבער באַרג און טאָל ...
און דער הימעל איז פערפאַנצערט,
סאַמע בליי און שטאָהל!

פאַר דעם קליינעם חלב-ליכֿטעל
שרעקט זיך נישט די נאַכֿט;
דער ווינד דער לץ נאָך וויל עס לעשען!
ווי ער פייפט און לאַכֿט ...

. . . . . . . . . . . . . . .

שאַ, עס הערט זיך, אַ לויה ...
און עס שפּוקט, און עס שרעקט ...
מ׳זאָגט, דער יושר איז געשטאָרבען,
און דער שכל עקט.

אַ נאַכט אַ שרעקליך חשך׳דיגע
דריקט אויף באַרג און טאָל;
און דער הימעל איז פערפאַנצערט
סאַמע בליי און שטאָהל.

י. ל. פרץ:

## וועמען איז ערגער.

שלעכט איז דעם, נעבעך, וואָס בלאָנזיט אין מדבר;
ווייט, פעראירט פון דער היים;
אונענדליכער טרוקענער זאַנד פאַר די אויגען,
קויקעלט זיך אונטער די פיס.

און איבערן קאָפּ איין אונענדליכער הימעל,
עס בלאַנקען אונצעהליגע שטערען.
„בלאָנזיט איהר אויך?״ זיי בלישטשען און בלאַנקען,
און שווימען, און רעדען קיין וואָרט.

„איהר קוקט דאָך אַלץ, שטערען, אַראָב פונ׳ם הימעל,
צי זעהט איהר מיין שטיבעל, מיין היים?״
„צי ברענט דאָרטען פרייליך אין קוימען דאָס פייער?
עס בלישטשען די שויבען ווי גאָלד?״

„ז׳איז טרויעריג?... צי בענקט זי? וואָס מאַכען די קינדער?
אָ, האָט רחמנות, און זאָגט!״

עס שווימען נאָך שטילער די זילבערנע שטערען,
און שווייגען ...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

ערגער איז דעם דאָך, וואָס בלאָנזיט אין מדבר
און האָט נישט אין ערגיץ קיין היים ...
עס שפּיעלען קיין קינדער, עס ברענט נישט קיין פייער,
און קיינער האָט נאָך איהם צו בענקען.

דער וואַרפט זיך מיעד אויפ׳ן זאַנד מיט׳ן פּנים,
און זעהט נישט קיין הימעל, קיין שטערן;
ער זעהט נישט און פרעגט נישט, און וואַרט אויף קיין ענטפער;
שוין אַלדינג פערלוירען, פערלאָשען ...

# אין קבר.

(באלאדע).

אַמאָל איז געוועזען אַ מיידעל,
האָט זי אַ יונגעל געליעבט;
עס ליעבט אויך דאָס יונגעל דאָס מיידעל;
זענען זיי ביידע בעטריעבט:

דאָס יונגעל איז אָרים, אוי אָרים!
דער פאָטער דעם מיידעלס — אַ גביר.
ווייזט ער, דער פאָטער דער רייכער,
דעם אָרימען יונגעל די טהיר!

דעם פאָטער מוז פאָלגען דאָס מיידעל:
מען פיהרט צו דער חופּה זי פיין;
עס געהט ווי אַ ליכט אויס דאָס יונגעל,
און שטאַרבט אין זיין קעלער אַליין.

כון שטוב און גאַס.

דערהערט זי, אַז ער איז געשטאָרבען,
און שלייכט זיך אַרויס פון דער שטוב;
קומט זי צום קבר צום ליעבען,
עפענט זיך פאַר איהר דער גרוב.

שטרעקט די הענד אויס דער טויטער
ווערט זי צום קבר געצויגען;
נעהמט זי אַראָב איהם די שאַרבען,
קושט די פערשלאָסענע אויגען...

עפענט די אויגען דער טויטער,
און נעהמט זי אַרום מיט אַ האַנד;
שליסט זיך דער גרוב איבער ביידע
ליגען זיי ביידע ביינאַנד!

# איין איבערקעהרעניש.

און די לופט איז פול מיט זיפצען,
פול מיט ברענענדיגע טרעהרען;
מיט׳ן לעצטען גוסס-אָטעם,
פול חרמות און פערשווערען.

פול מיט אסכרה, קרופ און מאָזעל,
פול מיט טיפוסען פאַר הונגער...
נאָר די קלאַווישען בעריהרען
— דיינע שמאָלע, לאַנגע פינגער

איין איבערקעהרעניש אויף אַלעם!
ווי די טענער טאַנצען, שפרינגען...
און די לופט ווערט פול מיט לצים,
רויטע מיצלעך... און זיי קלינגען

מיט די קליינע זילבער-גלעקליך,
העכער, העכער און געדעכטער ...
שוין! פערשוואונדען אַלע צרות
און די וועלט איז פול געלעכטער!

שכור טאַנצען אַלע בלומען,
וועלדער, טייכער קאַנקאַנירען ...
די לבנה ווינקט מיט ד׳אויגען,
און די שטערען קאָקעטירען ...

און די שטערען — דיינע אויגען!
הייב איך אָן מיט דיר צו זינגען,
און די גלעקלעך אויף די מיצלעך
קלינגען, קלינגען — נאָר זיי קלינגען

# אויספערקויפט!

(אַ שפּאַס).

מיט אַ וואַרם האַרץ געגאַנגען
איז ער צו דער וועלט;
ר'איז געפעלען! ס'האָט דער עולם
האַרץ ביי איהם בעשטעלט.

האַרץ אויף ליטען, האַרץ אויף קווינטען,
וואַרים האַרץ אַהער!
דאַמען קויפען פאַר אַ שמייכעל,
מיידלעך — פאַר אַ זיסע טרעהר.

און פאַר קליין-געלד קויפען לעזער...
פאַר אַ גראָשען, פאַר אַ דרייער.
און עס שמעקט אַזוי דעם עולם:
אַי, דאָס האַרץ איז טייער!

און ער האָט געהאַט אַ מחיה —
גרויס געווען ס'פערלאַנגען;
ביז ער האָט פערמאַכט דאָס קרעמעל:
ס'האַרץ איז אויסגעגאַנגען!

## פאָלקס־מאָטיוו.

שטיינערנע פּאַלאַצען,
אייזערנע באַלקאָנען,
טרעפּ פון ווייסען מאַרמאָר.
גאָלדענע סאַלאָנען.

קריסטאָל'נע זשיראַנדאָלען
בלאַנקען דורך די שויבען...
דאָרט וועט מיין געליעבטער
זיך אַ כלה קלויבען.

זיך אַ כלה קלויבען,
שענער און געזינטער...
און איך וועל דאָ פוילען,
ווי אַ בלאַט אין ווינטער...

*

איך—האָב געוואָלט זי שטודירען,
זי האָט געגאַרען געוואָלט;
איך האָב געמיינט—זי קאָן פיהלען,
זי, אַז מיין קייטעל איז גאָלד.

אין לאָמבאַרד איז זי דאָך ערפאַהרען:
מיין קייטעל איז טאָמבאַק און הויל;
איך—אַז איך האָב מיך פערשפעטיגט,
איהר האַרץ איז פערברענט שוין אויף קויל.

מיר זענען זיך ביידע צוגאַנגען,
געזאָגט זיך אַ קאַלטען „אַדיע!"
פערשיעדענע וועגען גענומען, —
און דאָך טהוט דאָס האַרץ אַזוי וועה!

# מיש—מאַש.

## דער יתום.

איך האָב דיך, מיין טייערע לירע—
דערפון איז מיין לעבען נישט גרינגער;
מען וויל דיך ניט נעמען אין לאָמבאַרד,
כ׳קאָן מיט דיר שטאַרבען פאַר הונגער.

האָסט, לירע, גאָר זעלטענע סטרונעס,
טענער—אַ פרייד צו די אוירען;
דאָך זעלטען בעריהר איך זיי ווינטער,
ד׳האָב שטענדיג די פינגער געפרוירען.

און פריהלינג-צייט — ווען ביי די בלומען
די זומער-פייגעלעך רימפלען —
בין איך אַזוי עלענד פער׳יתומ׳ט...
איך האָב נישט פאַר קיינעם צו גרימפלען!

*

קליינע מענשען, דראָבנע מענשען,
זייער שעלטען, זייער בענשען,
זייער ליבען, זייער שרייען,
זייער פלאַמען, זייער שפייען,
זייער בעטען מיט געוויין,
זייער קריצען מיט די ציינער, —

אַלץ איז דרויב,
לייכטער שטויב,
פאַר דער שוואַכסטער פליג קיין לאַסט!
און די צייט אָהן רוה, אָהן ראַסט
שוועבט אויף שטאָהלערנע, ריזיגע פליגעל...
[נישט צום גראַם.]

# אויגען און ליפּלעך.

איהרע אויגען, איהרע ליפּלעך —
אויף דער וועלט צו ריהמען!
זענען פיילכֿען דען און רויזען
נישט די שענסטע בלימען?

פיילכֿען זענען איהרע אויגען,
און זיי לייכֿטען, וואַרמען...
דאָך די רויזען-ליפּלעך שעלטען —
זאָל זיך גאָט דערבאַרמען!

# דער פּאָעט.

דעם גאָרגעל אַראָב אויף די לאַצען,
דאָס היטעל פערשטופּט איבער ד׳אוירען,
די הענד אין די ליידיגע טאַשען,
הונגעריג, דורשטיג, געפרוירען,

שפּאַציערט ער און פייפט זיך אַ ליעדעל,
און קלאַפּט צו אַ צאָהן אין אַ צאָהן...
באשר, ער האָט נישט געגעסען?
פי! ער בעגעהט זיך דעראָהן!

ראָק, הויזען, שטיועל—צוריסען!
באָבקעס! — איהם שאַדט נישט קיין קעלט!
אַיי-וואָס, ער האָט נישט קיין דירה?
דער הימעל, דער איז זיין געצעלט!

באשר, פרעמד איז ער און עלענד?
ווענ׳מיר דען אַלע נישט ברידער?...
איהם אַרט נור דאָס שטופען, דאָס לויפען,
דאָס יאָגען, דאָס ווילדע גערידער!

„וואָס רייסען דאָ איין די נאַראָנים?
וואָס איז דאָס געיעג, דאָס געשריי?
וואָס טרעטען זיי אויף די נאַגניאָטקעס?
וואָס מאַכען זיי שמוציג דעם שניי?״

נור, זיין כפרה—נאַגניאָטקעס;
דער שניי נור, דער שניידט איהם ביים האַרץ! —
„זיי טרעטען די ריינסטע בריליאַנטען,
און מאַכען זיי שמוציג און שוואַרץ״.

# טאָמער.

באַ, איך זאָל וויסען, אַז ס׳איז נאָר אַ חלום,
פון כח הדמיון געוועבט!
עס שרעקט זיך דאָס האַרץ דאָך: און ווען, חס ושלום,
הייסט שוין דאָס טאַקי געלעבט?

עס דרעהט מיר אין מח דער „טאָמער״, די שטראָף,
דער עגבויר, דער „יחפור בדקר״!
און טאָמער איז אמת פון אל״ף ביז תי״ו
דער ווילדער, דער נאַרישער שקר?

טאָמער איז אמת נור אַלץ, וואָס מיר הערען,
און נור וואָס מיר זעהען, דאָס האָ׳מיר?
און ס׳וועט שוין אין אייביגקייט בעסער נישט ווערען...
עס מאַכט מיך משוגע דער „טאָמער״...

# אמת און שקר.

„שקר", שטעהט, „אין לו רגלים" —
אָבער אמת? זי האָט פיס!
פאָהרט דער שקר אין קאַרעטען
און די אמת—געהט צו פיס!

פון די פיס דאָך פאַלט די אמת...
ווי ברילאַנטען — היהנער-אויגען,
קוים זי שלעפּט זיך! און דער שקר
פליהט זיך „נאַשפּיץ"—פייל פון בויגען!

און בעשפּריצט זי מיט דער בלאָטע,
און דערלאַנגט איהר מיט דער בייטש!
און די גאַסען-יונגען לאַכען:
ווייס וואָס „נאַבאָק" איז די טייטש!

# ברידער.

ווייסע, ברוינע, שוואַרצע, געלבע —
מישט די פאַרבען אויס צוזאַמען!
אַלע מענשען זענען ברידער...
פון איין טאַטען, פון איין מאַמען!

אויך — איין גאָט האָט זיי בעשאַפען,
און — איין פאָטערלאַנד די וועלט —
אַלע מענשען זענען ברידער,
דאָס איז איינמאָל פעסטגעשטעלט!

* * *

אַלע מענשען זענען ברידער,
שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלבע...
אַנדערש זענען נור די פאַרבען,
די נאַטור איז — דיזעלבע:

און עטום דאָס זעלבע פראַהלען,
ד'האָב עס טויזענד מאָל געהערט!
און פון זאָגען ביז צו טראָגען —
איז פון הימעל ביז צו ד'ר'ערד!

. . . . . . . . . . . .

אַלע מענשען זענען ברידער:
געלבע, ברוינע, שוואַרצע, ווייסע...
פעלקער, ראַסען און קלימאַטען —
ס'איז אַיין אויסגעקלערטע מעשה.

אומעטום דערזעלבער מוסר,
אומעטום דאָסזעלבע לייגען —
מיט'ן מויל דער גאַנצער עולם,
די פּאָליטיקער מיט שווייגען!

. . . . . . . . . . . . . .

אַלע מענשען זענען ברידער!
און — זיי שפּיעלען זיך אין פלישקעס,
די נשמות זענען ווערמליך —
אינ'ם טאַביק פון שישקעס...

*

אַ טעאַטער איז די וועלט,
גאָט איז רעזשיסער —
ס׳שטיק איז פיין, — ליידער איז
דער טייוועל דער סופלער —

די בודע איז דאָס שוואַכע האַרץ...
דער טייוועל פעלשט דאָס שטיק!
און אויב מען זאָגט אַרויס אַ גרייז,
חאַפּט מען נישט צוריק!

. . . . . . . . . . .

און מען קען דען היטען זיך,
נישט מאַכען קיין סקאַנדאַל?
עס איז מייסטערהאַפט דאָס שטיק,
די גרייזען — געניאַל!

און עס שטרויכעלט דער אַקטעער —
און ווען ער דאַרף מיט גרויל
שמעטערן פון זיך דעם כּוס,
חאַפּט ער איהם צום מויל!

פלאַמיג פּערעלט זיך דער וויין,
און ער טרינקט איהם אויס...
און דער דונער אַיילט זיך נישט...
גאָטס געדולד איז גרויס...

* *
*

אַח, מיין נשמה! דיך שטיקט דאָס געוויין,
אַח, זיי נישט פערזאָרגט און—בעטריבט!
וואָס שאַדט דיר דער אמת? איך זאָג דיר אַליין,
איך האָב שוין נישט איינמאָל געליעבט!

נישט איינמאָל האָב איך אויף פערבומעלט אַ נאַכט;
פון זינען אַראָב — גאַנץ אָפּט...
געקניהט, — אין די קניען מיר לעכער געמאַכט...
געליטען, געקרענקט און געהאָפּט...

מיילעכלעך רויטע נישט איינמאָל געקישט,
ביז ס'האָט געקרייעט דער האָהן...
אָבער מיין לעבען? דאָס אַלץ איז פערווישט —
היינט נור ביזט דו מיין שגעון!

---

דו בייזערסט דיך אויף מיר, און פרעגסט, וואָס איך וויל
קוק אויף מיר, נחת מיינס, גוט!
זאָל אין די אָדערן, רוהיג און שטיל,
פליסען ווי שטענדיג דיין בלוט!

קוק אויף מיר ווארים און האַרציג ווי פריהר,
גלייב — איך האָב ריינע געוויסען!
חאָטש די פערגאַנגענהייט געהער נישט צו דיר,
די צוקונפט — די קאָן איך נישט וויסען;

גרעניצלאָז איז דאָך מיין ליעבע — מיין קרענק...
אונענדליך — מיין גליק און מיין לייד!
איך שוועך דיר אונענדליך, חאָטש נישט אין דערלענג,—
וואָס שאַדט דען דיר, אַז—אין דער ברייט?!

## מיין מוזע.

נישט קיין בלימעל איז מיין מוזע,
אויף דער וויזע וואַקסט זי נישט;
נישט קיין שמעטערלינג, וואָס זוכט
אַלע בלומען אויף און קישט!

נישט קיין נאַכטיגאַל מיין מוזע,
האָט קיין טרעלען, האָט קיין זיסע...
ז׳איז אַ יודענע איין אַלטע,
איין איינגעשרימפענע, אַ מאוסע;

איין עגונה מיט יתומים
און פערשפרייטע אויף דער וועלט;
און איין אביונ׳טע אַ גרויסע,
און זי שרייט נאָר, און זי שעלט...

# די נאַכט־וועכטער.

(א נאָכגעמאַכט פרום־רבניש ליעדעל)

אַ נאַכט — אַ מחיה! דאָס נעכטעל איז טייער!
נאָר היט אַייך פאַר פייער! היט אַייך פאַר פייער!
נאָר נישט געקאָכט און געזאָטען!
פערשליסט נאָך די פענסטער און טירען און טוירען,
פערמאַכט נאָך די אויגען, פערשטאָפּט אַייך די אוירען,
און שנאָרכט אייך, ווי גאָט האָט געבאָטען!

און קענט איהר נישט שלאָפען, נו, ליגט האָטש בעריהט!
און הערט זיך שטיל אַיין ווי פלעדערמויז פליהט.
ווי שטיל, און ווי האַרציג, און טייער!
און הערט איהר געריישען, געשרייען, געלעכטער,
צי קללות — זייט רוהיג, מיר זענען די וועכטער!
און היטען אַייך אַלע פאַר פייער!

פערשאָלטען זאָל ווערען, ווער ס׳ריהרט זיך און געהט
און צינדט אָן אַ פייער, צי ריהרט די טראָמפּייט
צום בלאָזען, צום וועקען ביינאַכט!
מען וועט אין גיהנם די לייבער זיי דרעשען!
און דאָ וועל׳מיר לעשען, און לעשען, און לעשען,
געטריי וועל׳מיר דיענען דער נאַכט!

שלאָפט אייך! מיר דאַוונען, מיר בעטען און קניען
פאַר גאָט! דער רבונו של עולם זאָל ציהען
אַ וואָלקען אויף אייך ווי אַ בליי!
אַ וואָלקען אַ שוואַרצען! אָה, גאָט וועט אונז הערען,
ער וועט נאָך פערלעשען לבנה און שטערען,
און דעמאָלט—ווי אָטעמט זיך פריי!

און מיר וועלען רופען נאָך פעסטער, געטרייער:
היט אייך פאַר פייער! היט אייך פאַר פייער!
שאַ! קיין גערויש, קיין געלעכטער!
קיין ליכטעל אין מוח, קיין פלעמעל אין האַרץ!
פרום זאָל זיין! רוהיג, און טויטליך, און שוואַרץ!
מיר זענען, מיר זענען די וועכטער!

# דאָס נייע וויעגען־ליעד.

---

שלאָף, מיין תּכשיט, טייער קעפּעל,
וואָיווע נישט, געניג!
די לבנה שווימט אין הימעל
און בעטראַכט דיין וויעג.

הערסט! זי זאָגט דיר: לערן דיך שווימען
שטיל און אָהן אַ שאָרך!
קומט אַ וואָלקען דיר אַקעגען —
גנבע דיך אַדורך!

זעהסט איהר פּנים, ס׳געלע פּנים? —
קופּער — קען איך שווערען!
ווילסט דו שווימען דורכ׳ן לעבען,
שאַף דיר אַזאַ שטערן!

---

דו וועסט שווימען, דו וועסט גליקען,
האָבען געלד אַ סך!
שלאָף, מיין תּכשיט! זעהסט, אַ קעצעל
שפּרינגט אַראָב פון דאַך!

אייביג קאָן מען נישט דאָס מזל
האַלטען ביי׳ן אַ לאַץ;
פאַלען מוז מען; דו וועסט קענען
שפּרינגען ווי די קאַץ!

אַריין אין בלאָטע מיט׳ן פּנים
איז נישט גוט און מאוס;
פאַלען וועסט דו, ווערסט דאָך בלייבען
שטענדיג אויף די פיס!

---

שלאָף מיין תכשיט! הערסט: אַ הינטעל
ווענשעט מיט דער נאָז
מיט אַ גדלות, ווייל ער פיהלט זיך
אויף זיין מיסט בעל-בית!

דאָס מיסט האָט איהם, גלויבט ער זיכער,
גאָט אַליין בעשערט...
וואָס עס בלייבט איהם, דאָס בעגראָבט ער
דאָרטען אין דער ערד!

ווערסט דיך אויך ערשט גליקליך פיהלען
אויף דיין מיסט אַליין;
הינטיש-העלדענמעסיג ווערסט דו
שיצען יעדען ביין!

---

שלאָף, מיין תּכשיט, טייער קעפּעל,
וואָיווע נישט, גענוג!
שטיל—דיין „שטילקייט" הייסט „ענווֹת",
און דיין „שווימען"—„קלוג"!

און פאַר דיינס אַ „שפרונג" וועט געבען
„בראַוואָ" יעדע האַנד —
און דיין „וועגשען" הייסט „פערזאָרגען",
דיין מיסט — פּאָטערלאַנד!

* *
*

וואָס גענאַרט איהר בלאַנקע בליצען?
און דער דונער וואָס פערשאַפט?
ר׳זייט דעם הימעלס פוילע וויצען,
נישט זיין ליכט און נישט זיין קראַפט!

בליצט, — קאַטאָוועס טרייבט דער הימעל;
ס׳בלייבט די פינסטערניש אָהן ברעג!
און עס שיינט דער אַלטער שימעל,
און עס דריקט די אַלטע שרעק!

ס׳האָט געדונערט! פעסט דאָך שטעהען
ד׳אַלטע תפיסות וואַנד אָן וואַנד!
אינ׳ם סטעפּ דאָרט וועט עס דרעהען
רעהרליך גלעזערנע פון זאַמד!

פאַלשע דונערן און בליצען — —
נישט צושטערט און נישט געשאַפט! — —
ווייל איהר זייט פוילע וויצען,
נישט דעם הימעלס ליכט און קראַפט!

# צייט־געדיכטע.

1

אַח, פאַרוואָס האָסט דו, גאָט, מיך פערשאָלטען,
מיין מזל זאָל זיין אַזוי שוואַרץ?
שטענדיג זאָל פוילען אין מיר די לעבער,
שטענדיג זאָל פלאַצען דאָס האַרץ!

*

פאַרוואָס זאָל שטענדיג אין ד׳אויגען מיר סווישטשען,
דעם שונא׳ס לאַכען, פערשווערען;
אַ האַמער זאָל שלאָגען ביי מיר אין די שלייפען,
און זידען אין ד׳אויגען די טרעהרען!

*

מקנא זאָל איך זיין דעם בעטלער, דעם בלינדען,
דעם דזיאַד מיט דער לירע אין טהיר;
ווינשען זאָל איך מיר ציגיינעריש זינגען,—
איידער צו דיענען ביי דיר.

## 2.

רבונו של עולם, פון אַלע די צרות
אַ קויל מאַך און שיס אויף אַמאָל!
מיר וועלען שפרינגען אין וואַסער, אין פייער;
און — „שמע ישראל!"

*

קלויב זיי צוזאַמען און לאָז אויף אַמאָל
אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ!
קום אונז מיט אייזערנע ווידלעס, די אָדערן
עפּען און צאַפּ!

*

וואָס טויג דיר דאָס שטעכען מיט נאָדלען, מיט שפּילקעס?
אַ מעסער! קוראַזש!
ווי אַ פּראָוויזאָר זייערסט דו טראָפּען?
גיס פון דער פלאַש!

*

ווען איינע אַ צרה, אַ גרויסע, אַ דונער,
פאַלט פון דער האַנד נישט דיין פאָהן...
נאָר דראָבנע... די טראָפּען, די לייזיגע צרות...
די גרינע גאַל געהט זיך אָן!!!

.3

אַנ׳אָקס אַ יונגער גיט ראַפּטים אין שטאַל
—„רבותים!״ אַ האַרציג געשריי ;
„אָט האָט ער, דער קצב, ערשט נעכטען פון שטאַל
גענומען זיך אונזערע צוויי!

*

—„ער האָט זיי ערגיץ פערטריבען, געקוילעט...
היינט, זעה איך, שלעפּט ער נאָך איינעם,
רבותים, דער קצב, ער וועט אונז אויסקוילען,
ער האָט קיין רחמנות אויף קיינעם!

*

—„שאַרף איז זיינמעסער, עס וועט דאָך נישט בלייבען,
רבותים, קיין קלאָה פון דער סטאַדע״...
דאָס הערען און קרעכצען ביים זשאָלאָב די קעלבער,
די עקסעליך מרוטשען: „אודאי!״

*

עס שטעהען פערצווייפעלט, און חליפען און קרעכצען
אָקסען און קעלבער און קיה.
און דרעהען זיך איבער צום שטיר-אָקס און פרעגען:
„רבי, וואָס זאָגט איהר דערצו?״

*

די הערנער די גרויסע הויבט אויף דער שטיר-אָקס
(ווי ווייט עס ערלויבט איהם דער שטריק):
„די יונגע לייטאַליך, ברומט ער ליצנות,
„זיי זענען גאָר היינט איין אַנטיק!

*

„ליעב האָבען זיי נאָר צו גריבלען, צו קלערען...
רבותי, צי פּאַסט עס פאַר קעלבער?
עס איז קיין נייס נישט! די וועלט איז דיזעלבע,
און איך אויך „שטיר-אָקס" דערזעלבער!...

*

איז שטענדיג דאָס זעלבע: מע' קוילערט לאחדים,
איינציגע זעהט מען נאָר טרייבען;
דאָס מעסער ווערט שטומפּיג, דער שוחט וועט שטאַרבען
איינס נאָר — די סטאַדע וועט בלייבען!

# אַן אדום.

(לויט היינע).

...............

לאַנג שוין לײדען מיר זיך בײדע,
וױ עס פּאַסט פאַר ברידער פײנע;
דו לײדסט, נעביך, אַז איך אָטעם,
און איך די—שגיונות דײנע!

לאַנג שוין לײדען מיר זיך בײדע—
טײלמאָל, פון מײן קרענק געריהרט,
האָסט דו מיר מיט פרומע הענדטליך
די געדערים מאַסאַזשירט!

איז אַ שווערע נאַכט געקומען,
האָסט דו לעמפּליך אָנגעצונדען
פון מײן חלב... און אויף קנײטליך
מײנע אָדערן געשונדען...

אונזער פרײנדשאַפט װערט צונד שטאַרקער,
איך װעל אויך די קונץ שוין קענען;
איך װער משוגענער פאַר דיר,
די געהירן—פיהל איך—ברענען!

## גאָט זאָגט:

די אומות העולם—זיי האָבען מזלות,
פאַר זיי זאָרג איך נאָך נישט אַ קריש!
איינער אַ חראַביע, דער צווייטער—אַ פריץ,
דער דריטער—געבוירען אַ סטריזש!

*

דעם צאָהלט דאָס קריינדעל און יענעם—די שליפעס,
דעם גיבען די גיטער צו פרעסען;
דעם וועט דער בעזים נישט קיינמאָל פערלאָזען.
ד'מעג אָן זיי אַלע פערגעסען!

*

ד'דאַרף אויף זיי קיינמאָל קיין אויג נישט צו וואַרפען,
און דאַרף גאָר נישט פרעגען, ווי ס'גייס'ן...
אויסער אַז איינעם עס טרעפט אַ שלימזל,
און—מע-פערשיקט איהם אין קייטען...

*

נאָר מיין בן-יחיד, מיין פאָלקעל ישראל,
דאָס איז אַיין אייביגע נגע!
ס'טהוט מיר, כביכול, שוין באַנג דער הר-סיני,
וואָס האָט מיר געטויגט גאָר די פגע?

*

*

דאַרף ער פּרנסה, אָ-האָ! קריעת ים סוף!
דאַרף ער אַ שדוך — געה טראַכט!
מלמד-געלד דאַרף גאָר אַ שוסטער אַ וויסטער,
וועקט ער מיך אויף האַלבער נאַכט!

*

און קאָן זיך אָהן מיר נישט קיין יאַרמעלקע קויפען,
און אָהן מיר נישט קיין בגד פערלאַטען.
מחילה, די פלודערן, — מאַכט זיך אַ שפּעלטעל,
הייבט ער אָן טאַטען און טאַטען.

*

און עסט ניט, און טרינקט ניט, און פאַסט נאָר תעניתים,
און גאָרנישט, ער האָט נישט קיין מזל!
און לויבט מיך: „כי הנה לא ינום ולא יישן"...
לאָזט מיך דען שלאָפען, שלימזל?!

## ס.

וואָס פאַר אַ מין חיה, זאָג, ביסט דו, ישראליק,
זעה, זאָג מיר, איך בעט דיך, אַליין!
ווי לאַנג איך בעטראַכֿט דיך, אַלס מעטאַמאָרפאָזען,
אַ רעטעניש נישט צום פערשטייז!

*

אָט זעה איך דיך פליהען, עס דאַכֿט זיך—אַיין אָדלער,
דו קריכֿסט שוין — צוריק ווי אַ קרעבס!
און דאַר ווי אַ האַרטעל, און וועלפיש דיין הונגער,
און קומט אַ פגירה — אַ שעפּס!

*

דריי טויזענד יאָהר שוין ביסט דו מעלה-גרה,
איין אָקס? און שוואַך ווי אַ פליג!
אַ האָז אינ׳ם לעבען, אַ פוקס אינ׳ם האַנדעל,
קומט מען דיך מעלקען—אַ ציג!

*

פון תנועות—אַיין אַף, דו צאַפּעלסט—אַ פּישעל!
בעגראָבען, דו לעבסט ווי אַ קרעט!
און ווי אַ הונד ביסט דו דיין שלעגער געטריי
און פאַלש ווי אַ קאַץ ביי'ן אַ גלעט!

*

געוואָרגען—אַ האָהן און פּיהלסט דיך אַ טחויר,
און ליידסט ווי אַיין אייזעל אין מיטען,
פּלוצלינג—אַ קליאַטשע! בעקומסטו דו נאָר בייטשען,
קיין האָבער וויל קיינער נישט שיטען!

*

און—שטיל ווי אַ טייבעל, מען הערט נישט דיין פּאַרע;
און דאָך האָב איך פון דיר געלעזען...
דו האָסט געהאַט אַמאָל באַק-צייהן און וויידעל,
אַ לייב, זאָגט מען, ביסט דו געוועזען!

## דאָס געבעט פון שעפעלע.

ניסט אין שוהל און ניסט אין קלויסטער
מענשען-פרום, האָטש סאַנקילאָט *),
קניהט דאָס ווייסע פרומע שעפעל,
גיסט דאָס הערצעל אויס פאַר גאָט.

עס פערקרומט זיך מיט כונה,
טרערען קאַפען צו צום „רימעל״;
שטעקט די פעדערשטע צוויי פיסלעך
גלייך אַרויף צום בלאָהעם הימעל!

ס'ציטערן די ווייסע צויטען.
און איך הער זי וויינען, טענה'ן:
גאָטעניו... זאָל האָטש אַ רגע
אויף מיין קאָפּ דיין חסד שיינען!

*) אָהן קיין קליידער.

שענק מיר דיין גענאָד אַ רגע,
גיב מיר קראַפּט אויף איין מינוט;
לאָז מיך אויך אַמאָל פערזוכֿען
שאָפּען-פליישׁ און שאָפּען-בלוט!

עס מוז זיין אַ זעלטען מאכֿל...
פאַרוואָס קומט עס פון דור-דורות
נאָר דעם לייב, דעם גרויסען וויינער,
צי דעם בער, דעם אפּיקורס?

. . . . . . . . . . .

# פון יחזקאל.

## 1.

גאָט זאָגט מיר אַזוי צו זאָגען:
די „נביאים" וועל איך קלאָגען,
די שקרנים, די כּזבנים,
מיט'ן אונפערשעמטען פּנים
און פערגלייסטע אויגען!

*

פון'ם פינגער ווייל זיי נאָגען,
ווייל זיי טראַכטען אויס און זאָגען
אין מיין נאָמען נאָר דמיונות,
פאַר מטבעות, פאַר פּדיונות,
נישט געשטויגען, נישט געפלויגען!

*

אויסגעטראַכט און אויסגעקלערט!
נישט געזעהן און נישט געהערט,
און געזאָגט וואָס גאָט בעשערט,
וואָס איך קלער און טראַכט...
נור געשפינען, נור געוועבט!
נור געפרעסען און געלעבט!
נישט קיין לאָך אין וואַנד פערקלעבט,
נישט קיין צוים געמאַכט!

*

כלומרשט, איך האָב זיי געשיקט!
נור צו מיר אַרויף געקוקט,
און פון ציבוק אויסגעפיקט,
געשיט נאָר און געשיט!

*

איך האָב זייער צונג געשאַרפט,
דעם רעשט שכל צו בעטייבען!
וועניג פרעסען בערען, לייבען,
האָב איך פוקסען נאָך בעדאַרפט?

*

וועניג האָט מיין פאָלק געליטען,
דאַרפט איהר נאָך זיין יאָך בעשווערען?
וועניג בלוט נאָך, וועניג טרעהרען? —
אויסגעריסען זאָלט איהר ווערען

*

און פערטיליגט און פערשניטען —
איהר זאָלט מיר נישט זיין אין מיטען!
אַייער נאָמען מעק איך אויס
פון מיין הייליג בוך אַרויס!

---

2.

גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי:
„צו די הירטען געה און זאָג...
אַיי די מערדער, אַיי די הירטען,
עס וועט זיין צו זיי אַ קלאָג!“

*

אַיי די מערדער, אַיי די הירטען,
עס וועט קומען אַייער שטראָף!
ווייל זיי האָבען זיך געפּאַשעט,
זיך געפּאַשעט, נישט די שאָף!

*

נור די בעסטע וואָל געטראָגען,
און דאָס פעטסטע פלייש געפרעסען;
נור אום זיך אַליין געקימערט;
אָן די שעפּעלעך פערגעסען!...

*

נישט געשטאַרקט די אָבגעשוואַכטע,
און—נישט אויסגעהיילט קיין וואונד;
די פערוואונדטע און די קראַנקע
נאָך געוואָרפען פאַר די הינד!

*

נישט געזוכט גאָר די פעראירטע,
אַ פערבלאָנזעטע — פערפאַלען!
און געפיהרט זיי אין אַ מדבר
אָהן אַ גרעזעל, אהן אַ קוואַלען!

*

און געיאָגט זיי אויף די בערגער,
וואו אַ שטיין און וואו אַ דאָרן;
ווילדע טהירע, חיות רעות
זענען פון זיי זאַט געוואָרען!

*

און פאַר זיך אַליין געקוילערט,
זיך געפּאַשעט, נישט די שאָף...

אוי אײַך שפּער, װעה אײַך הירטען,
ס׳װעט קומען אײער שטראָף!

---

3.

אויך װעל איך אַ חשבון מאַכען
מיט די שעפּסען, מיט די טריקעס,
מיט די אײַנגעדרײטע הערנער
און די שאַרפע װי די פּיקעס!

*

װאו ס׳איז נאָר געװען אַ כאַשע,
אָנגעפּרעסען זיך גאָר מאוס!
און די רעשט נאָך צו צוקנוידערט!
און צוטרעטען מיט די פיס!!!

*

װאו אַ פּאַשע איז געװעזען
האָט איהר אײַך געשװינד דערפרישט!
און די רעשט נאָך צו צוקליצים,
מיט דער בלאָטע אויסגעמישט.

*

און געלאָזט די אויסגעדאַרטע —
אויסגעטרוקענטע פון װײטען...
מיט די פיס אַװעקגעקאָפּעט,
אָבגעשטויסען מיט די זײטען.

*

הערט, איהר הירטען, הערט, איהר טריקעס,
ס װעט קומען אײַער טאָג!...

איך וועל מאַכען אייער חשבון,
עס וועט זיין צו אייך אַ קלאָג!

---

4.

און עס הייבט מיך אויף אַ ווינד...
פון דער הייך זעה איך אַ טאָל,
פול מיט ביינער, און די ביינער
זענען אויסגעדאַרט און גאָל!

*

נישט קיין פלייש און נישט קיין אָדער
ווי צעוואָרפען און פערפוילט!...
אויסגעמישטע טויטע ביינער!
ווי דער גרויער שימער גרוילט!

*

—„קען דאָס לעבען?“ פרעגט אַ בת-קול,
און איך ענטפער: גאָט, דו ווייסט!
—„חאָטש זיי זענען טויט, צעוואָרפען?“
אַלץ איז מעגליך, ווען דו הייסט!

*

רופט דאָס בת-קול: זאָג די ביינער,
אַז איך הייס אַזוי און וויל!
קלויבען זיך צונויף די ביינער,
און זיי ווערען זאַפטיג פול!

*

צונויפגעקליבען און געשלאָסען!
שוין סקעלעטען אויסגעשטרעקט!

און מיט פלייש אַרומגעוואַקסען,
מיט אַ הויט שוין אויך בעדעקט!

*

— „הייס, די ווינדען זאָלען בלאָזען!"
הייס איך בלאָזען און איך זעה:
ווי עס לעבען אויף סקעלעטען,
עס מאַרשירט שוין גאָטס אַרמעע!

# פון יחזקאל.

(קאפיטעל ל״ג)

ס'שלייכט צו'ן א שטאָדט ביינאַכט
די שווערד!
נור אויפ'ן טהורם דער וועכטער וואַכט—
ער הערט!

און בלאָזט טראָמפּייט
און שמעטערט מיט מאַכט,
עס ציטערט די נאַכט
דאָס פאָלק ערוואַכט——
דער שונא גייהט, דער שונא גייהט:
און עס פלאַקערט אויף די שלאַכט

אין הויף, אין גאַס
אויף מויער און וואַנד,
כאַר ווייב און קינד,
פאַר פאָלק און לאַנד!

י. ל. פרץ.

פאַר רעכט, און פריי געהט אַלץ אין קאָהן!

ווער זיעגען ווער, דאָס ווייסט איין גאָט;
דער וועכטער האָט
דאָך זיינס געטהון!
ער האָט זיין עהרע נישט בעפלעקט,
ער האָט געוועקט!
ער האָט געדיענט זיין פאָלק זיין לאַנד!

נור וועה דעם וועכטער, שפּאָט און שאַנד,
וואָס האָט ביינאַכט
איין אויג פערמאַכט
און ערוואַכט
ערשט אין דער בראַנד!

# כתא שלמה.

---

וואָס רוישט מיר אין מח,
וואָס זעצט ווי'ן אַ מיהל ?
שלמה המלך'ס
גאָלדענע שטוהל !

עס לאָזט מיך די שטוהל —
די גאָלהענע פראַכֿט —
נישט רוהען בייטאָג,
נישט שלאָפען ביינאַכֿט.

עס מאַכען מיך טויב
די גאָלדענע בערען ;
עס מאַכֿען מיך בלינד
בריליאַנטען ווי שטערן ;

עס רוישען די שפּאַרבער,
עס וואָרקען די טויבען ;
עס בלענדט אַלאַבאַסטער
און פּערל ווי טרויבען.

פֿייגעל גינגאָלדענע
בלישצען און פראַנגען;
עס סאַפּען אופיר׳ענע
עגדיסען, שלאַנגען;

עס רוישען די אָדלער
מיט גאָלדענע פליגעל,
עס בלאַנקט די מנורה —
אַ גאָלדענער שפּיגעל.

און אָקסען און שטירען
בלעקען און וועקען;
עס קאַפּעט דער בוימעל
פון גאָלדענעם בעקען.

* *

*

איך וועקען אין האַרצען
אַ זעלטען געפיהל
דריי פרויען-געשטאַלטען
פון איבער דער שטוהל —

און איך דערקען זיי
די פרויען-געשטאַלטען: —
אין צאָפּ אינ׳ם גרויעם,
אין קאָפּ אינ׳ם אַלטען

דערקען איך ד׳אמונה,
זײַן דרייען געבויגען...

און פייכֿטליכֿע, גרינע,
פערגלעזערטע אויגען,

פערגלייסטע צום הימעל
מיט תּפלות, כּונות —
נור האַרט איז די שטימע!
קלינגט אָהן רחמנות

פון ברוין-דאַרע ליפּען
נור חרם, נור אסר;
און, ווי די דערנער
שטעכֿעדיג מוסר!

די חכמה דערקען איך
אָן בּרייטליכֿען שטערן,
געקרייזעלטע לאָקען
אויף ד׳אַקסעל צולאָזט;

אויגען בּריליאַנטען
לייכֿטען ווי שטערן,
לייכֿטען דאָך רוהיג
און קאַלט ווי דער פראָסט!

און שטענדיג דורך בּרילען...
אַ וואָג אין דער האַנד;
אַלץ וואָלט זי געוואויגען:
דעם מעך אויף דער וואַנד.

די שטערן אין הימעל,
דאָס קליין-וואַרג אין טייך:

צלץ דאַרף זי וויסען,
און צלץ איז איהר גלייך!

עס שטעהט נאָך די אמת...
פון קאָפּ ביז די פיס
פערהילט אין אַ שלייער!
ווייל שרעקליך און מאוס

איז נאַקיטער אמת!
מען האָט זי פערשטעלט;
ווער עס דערזעהט זי,
געהט פון דער וועלט!...

*

*

עס שמעקט און עס רוישט,
עס בלאַנקט און עס בליצט,
ליידער, נישט שלמה,
נור אשמדאי זיצט

אויף כסא בן דוד!
בן לילית רעגיערט!
דאָס פנים, דאָס שוואַרצע,
רוזיערט, בלאַנשירט;

אין כתר מלכות
די הערנער פערשטעקט..
די הינערנע פיסלעך
מיט פורפור פערדעקט.

און טרעפט אַלע הדות
פון גוים און יודען ...
און שטעלט אַ-לאַ-שלמה
די ווייבער צופרידען,

און שניידט אַמאָל קינדער,
לעבענדיג צו טויט;
עס העלפען די חיות
אַרויס פון אַ נויט!

אין שלמה! דער וואַנדערט
פערהונגערט, פערשמאַכט,
שרייט „אני שלמה" ,—
ווער גלייבט איהם? מען לאַכט!

„ווער דען איז דאָרט קעניג?"
מען ווייסט דאָך, מען הערט!
ווער ברענגט פון מצרים
זיך ווייבער און פערד?

ווער האָט די מלכה
פון שבא-לאַנד בעגליקט?
מען קרעכצט אויפ׳ן: נעביך,
דער מענש איז פערריקט!

* *

*

עס שמעקט און עס רוישט,
עס בלאַנקט און עס בלענדט:
ס׳האָט קיינער דעם שד
אויפ׳ן טראָן נישט דערקענט.

אמונה — די קלערט נישט,
עס פסק׳עט די צנועה
מלכותא דרעא
כמלכותא דרקיעא...

און שטיל זיך גע׳פועלט
דערווייל אַ פריקאַז:
כאַר אומגעוואַשען
חאָטש שמייסען אין גאַס;

אפקורסים הענגען;
און וואַרפען אין טייך
פאַר שניידען די נעגעל
אָהן עדות און גלייך...

* *
*

פיין איז דער רויזענאייל,
פיזעם איז נאָבעל,—
ס׳שטינקט דאָך אין פאַלאַץ
ס׳גיהונם ווי קנאָבעל...

די חכמה דערפיהלט עס
און רעדט נישט אַ וואָרט;
פערבייסט זי די ליפען
און שטעהט אויף איהר אָרט:

צי האָבען דען אַלע
פינף חושים קיין טעות,
זי זאָל זיך פערלאָזען
אַליין אויף דער נאָז?

מען פיהלט, עס איז אמת,
נו, ס'טרעפט זיך ביי לייט...
קוים, קוים זי רוקט זיך
אָב אין אַ זייט

און נעמט אַ שמעק טאַבאַק;
בערוהיגט זיך באַלד...
איין נאַרישע אמת
דערפיהלט און — געוואַלד!

אויף כסא בן דוד
אַ פרעמדער פאַרשוין,
ציהט אָב דעם מאַנטעל,
רייסט אָב די קרוין!

---

ווערט אשמדאי צאָרניג,
ווערט אשמדאי שרעקליך!
און געגעראַלען,
כהנים מיט גלעקליך

מיט בלוט פון קרבנות
און חלב פערפעצט,
אַ צעהנדליג סריסים —
די האָט ער געזעצט

צו משפט'ן אמת...
עס שווייגט דער „נאַראָד"!
פיינט האָט מען אמת, —
אוג ווייט איז צו באָט;

נור סוחרים און שענקער
שרייען: פערברענע,
עס בעטען זיך ווייבער:
האָטש אדערן טרענען!

* *
*

מען ווייסט, אַז אָהן רחמים
ווערט אויסגעהן אַ פסק.
האָט שוין ד׳אמונה
אַ טרער אויף דער באַק.

דאָך קיינמאָל אַקעגען
דעם מלכות געשטעלט:
אלמלא מוראה...
הפקר אַ וועלט!

און וואַרפט איין עין-הרע —
אַ בליק צו דער זייט,
ווייסט שוין די חכמה,
וואָס ס׳אייגעל בעטייט.

און זעהט ווי׳ן אַ שפּיגעל
די אַלערליי סחורות,
מיט וואָס זי וועט האַנדלען
עד סוף כל הדורות...

זי זעהט אינ׳ם אייגעל
אָט ווידלעס צו פלייש,
הבדלות—צו בורא
מאורי האש;

צוואַנגען צו נעגעל
אוּן מעסער צו בריסטען,
און קנאַקער צו ביינער —
ס׳טאָר זיך נישט גליסטען!

און בלייבט פערשטיינערט,
קיין תנועה, קיין קלאַנג...
עס האָט זי פער׳כשופט
די גיפטיגע שלאַנג!

* *

*

און ס׳רעשט זיך אין ציון,
עס יאָגען זיך מאַסען,
מען לויפט אויפ׳ן וואונדער,
מען קוקט אין די גאַסען;

קאַסטרוי טרייבט מען אמת.
עס קנאַקט און עס קנאַלט...
די אמת, געשמיסען,
אַנטלויפט אין אַ וואַלד;

דאָרט האָט זי געטראָפען
אַ לייב צי אַ בער...
זאָגט נאָך איהר קדיש,
זי לעבט שוין נישט מעהר!

# דעם לייבס לויה,

(אַ הספּד אויף אַלע צדיקים.)

---

די וואַלד-אידעע די טראָגט דער לייב
ערהאַבען, שטאָלץ און איידעל!
ער פּרעדיגט זי מיט לייבען-קול
און בּראָניִעט מיט׳ן ווײדעל.

פּרעגט די שאָף אויף זיינע ציין,
ער האָט זיי נישט געקאַרגט.
און ביי אייזעל, אָקס און קוה
די וואַלד-אידעע געשטאַרקט...

די וואַלד-אידעע די טראָגט דער לייב,
איידעל, שטאָלץ און פעסט;
חיות׳ס הערצער שלאָגען הייס
אין די גרעסטע פּרעסט!

עס ציהט זיך, ציהט די וואַלד-אידעע
יאָהרען גאָר אַ מענגע
דורך דער וואַלד-געשיכטע דורך,
ווי אַ רויטע סטענגע!

ציהט זיך איבער טאָל און באַרג
און פאַרבט מיט איהר קאָליער
ס׳גרינע גראָז, דעם ווייסען שניי,
טייכער אָהן אַ שיער!

* *
*

אַ בת-קול פליהט אַ דורך דעם וואַלד,
עס בלאָזט ווי פון אַ האָרן:
„דער לייב איז קראַנק!" עס גיט אַ שטאָך
די חיות ווי אַ דאָרן.

אַ תּרועה פליהט אַדורך דעם וואַלד:
„דעם אַפּעטיט פערלוירען!"
עס חאַפּט די חיות אָן אַ שרעק,
ס׳ווערט דאָס בלוט געפרוירען.

ס׳ציהט אַ שברים דורך דעם וואַלד:
„עס העלפט קיין גוטער יוד!
מען האָט איהם פיזעם שוין געגע׳ן,
און דער אַלטער ציהט —

אוי, ער ציהט אַרויס פון וואַלד
צום טאַטען און צום זיידען!
אוי, ער האָט זיך שוין פערבענקט
צום ליכטיגען גן-עדן!"

* *
*

ס׳פליהען שברים דורך דעם וואַלד,
אַ האָרן נאָך אַ האָרן,
און יעדער קלאַנג, יעדעס קול
שטעכט — אַ שאַרפער דאָרן!

בײַ די חיות שטאַרט דאָס בלוט,
און דער זאַפט—בײַ בײמער,
אין בעלראָגע גיסט דער בער
טרעהרען גאַנצע אײמער.

אַ שאַקאַליש װאָיען יאָגט
פון צפון ביז קײן דרום,
און די צנועות — די היענעס
רײסען אײַן די קברים —

* *
*

פלוצלינג, טס! פערשטימט דער װאַלד!
הערט זיך אײַן אין שטילען:
ודוי זאָגען דאַרף דער לײב,
עס הײבט שוין אָן צו ברילען!

און ער ברילט די ודוי אויס
מיט יאָמערליך געװײן,
און קלאַפּט על חטא; אין אַלטען בּויך
קלינגען שטײן און בײן!

גראָבע, פרומע טרערען פאַלען
אויף די אַלטע בעק,
אויפ'ן מעבר-יבוק װערט
פון איטליכער אַ פלעק!

בײמער שאָקלען מיט די קעפּ,
טרויעריג רוישט דער װאַלד...
און דער פרומער אַלטער לײב
גוססט אָב און —— פאַלט!

* *

*

יאָמער קלאָגען אַלע ביימער:
דעם זכות ווער וועט האָבען,
פון זיך איין ארון׳דיל צו גע׳ן,
דעם צדיק צו בעגראָבען?

ס׳הייבט זיך אויף פון וואַלד די קלאָג
פייערדיג און פלאַם,
וועקט אין מדבר אויף דאָס זאַמד,
פעלזען ביי דעם ים!

און עס הייבט זיך אויף דאָס זאַמד,
יאָגט פון אַלע עקען
פון דער וועלט אין וואַלד אַריין,
דעם צדיק צו בעדעקען.

און די עלטסטע פעלזען קרעכצען:
אוי, ווער וועט דערלעבען
און פון זיך דעם אַלטען צדיק
אַ מצבה געבען?

* *

*

און דעם יאָמער, דאַכט זיך, טראָגען
רוחות אָדער כשוף,
איבער וועלדער, סטעפּעס, ימים,
און דערגרייכט צום ישוב.

אַ געפּלאַצעריי אויף קיימען,
ס'ווערען טעפּ צופלויגען,
ז'ווילען אַלע גע'ן דעם צדיק
שאַרבאַנעס צו ד'אויגען.

און פון פלאַקס אויף אַלע פעלדער
פליהט צו גאָט וכוחים:
פאַרוואָס קומט זיי נישט די זכיה
איהם צו גע'ן תכרוכים?

ברזאָזעס זיפצען, דעמבעס קרעכצען,
אַז עס פלאַצט די קאָרע,
אין די ווינטען, דאַכט זיך, וואָיען
הינד אַ גאַנצע סוואָרע...

אויבען ציהען שווערע וואָלקען,
דאָרטען צווישען זיי
שווימען „אחרי-מות-קדושים״ —
חיות אַלערליי...

אַלטע דורות, פרומע דורות
בלייערן און בלייך...
און עס טריפען זיי'רע שווערע
טרעהרען פון דער הייך;

און זיי פאַלען אויף דער מטה,
און עס קלינגען פישקעס...
און אַ פיקסעל זאָגט אַ הספד,
אַז עס שניידט די קישקעס...

# ער און זי.

(איין אַלט-הישפּאַנישע פאַבעל).

עס איזט איינע אַלטע געשיכטע,
אונד בלייבט דאָך איממער ניי ...
(הײנע).

מאַי — נור ער איז אין טאָלעדאָ געוועזען,
און דאָרט איז נישט היימליך די נאַכט ...
עס ציטערט דער הימעל; לבנה און שטערען
שווימען דערשראָקען, פערשמאַכט —

מאַי — נור ער איז אין טאָלעדאָ געוועזען
וואו פרעכע מאַרמאָרענע ריזען
שטעכען מיט חוצפּה דעם הימעל דעם בלאָהען
מיט גאָלדענע, קרייציגע שפּיזען —

מאַי — נור עס זינגען קיין פייגעל, עס ווערען
נור קירכע-געזאַנגען געהערט,
געמישטע מיט קרעכצען, געשרייען און שלוכצען,
עס דאַכט זיך — פון אונטער דער ערד!

מאַי — נור עס סוד'ען זיך דאָ נישט קיין בלומען,
די גלאָקען, זיי מאַכען זיי טויב!...
עס טראָגט דער זעפיר נור אַש פון נשרפים,
פון אויטאָ-דע-פעען דעם שטויב!

---

עס שטעכען די שפיזען, עס קלינגען די גלאָקען,
די קירכען-געזאַנגען — זיי וועקען
פער'כשופ'טע הייזער, סטאַטועז, פאַלאַצען,
— עס דאַכט זיך — מיט בלוטיגע פלעקען!

דאָך אונטער טאָלעדאָ דאָרט ליגט אַ גן-עדן
מיט בליטהען, און בלומען, און בלעטער —
און דאָרט אין גן-עדן — עס דאַכט זיך — רעגירען
פיעל בעסערע, מילדערע געטער...

---

מאַי — און ער איז אין גן-עדן געוועזען,
אַ וואַרימע ליכטיגע נאַכט!
ווי אין אַ ים אינ'ם הימעל אין בלאָהען
שווימט די לבנה פערטראַכט!

עס בלאַנקען די פרייליכע, לוסטיגע שטערען,
אין גאָרטען איז פריש אַלץ און גרין;
עס בלאָזט זיך אַ שטיליטשקע ווינטעל און טראָגט
די דופטען פון בעז און יאַשמין;

זיס ערגיץ טרילערט אַ פויגעל פון ווייטען,
און גיסט אויס זיין האַרץ אינ'ם ליעד
פון בענקען און טריישאַפט, פון ליעבע און גלויבען,
און טרילערט, און ווערט גאָר נישט מיעד.

עס טרילערט דער פויגעל, עס סוד'ען זיך בלומען,
בעגאָסען מיט הימלישע טרערען...
מאַי אין גן-עדן! — און „ער" און „זי" זיצען
פער'כשופ'ט, פער'חלומ'ט און הערען.

עס וועקט איהם איהר טרוימהאַפטע שטימע: — „אָ דיכֿטער,
פערצייל מיר פון דיינע מאָטיוועו!"
דער דיכטער ערוואַכֿט ווי פון חלום און ציטערט,
ענטפערט אין שטיל: „איך וועל פריווען"...

———

— „טהייל גרויסע — פערציילט ער — קושט גאָט ביים שטאַרבען,
די אויגען — זיי ווערען ערפילט
מיט נחת מיט שטילען, מיט ליכֿט פון גן-עדן,
די שמערצען — אין גאַנצען געשטילט.

דעם גאַל-טראָפּען לאָזט דער מלאך-המות,
דעם טראָפּען, דעם מוזען זיי ניפּען!
גאָטס קוש איז דאָך זיס, און עס ווערט פונ'ם טראָפּען
נור האָניג אויף זייערע ליפּען.

מיין העלד פון דער פאַבעל איז גרעסער געוועזען,
פריהער נאָך האָט גאָט איהם בעגליקט,
און זיין נשמה געקושט נאָך אין — אוצר,
ווען ר'האָט אויף דער ערד זי געשיקט"...

———

„צווישען די גרויסע געוועהלטע
איז ער געשטאַנען גאַנץ הויך:
פון גאָטס קוש איז הייליג געוואָרען
יעדער געדאַנקען אין מח!

פון גאָטס קוש איז הייליג געוואָרען;
יעדעס געפיהל אין דער ברוסט;
יעדערער לעזט אויף זיין שטערען:
גאָט אַליין האָט איהם געקושט.

איהם שפּאַלט זיך דער הימעל אין ד׳אויגען
זיין יעדעס וואָרט איז אַ ליעד — — —
— „הערסט, ווי די נאַכטיגאַל טרילערט,
און טרילערט, און ווערט גאָר נישט מיעד...

עס קען זיין, אַז זי איז זיין גלגול...
מיט איהם איז גאָר זעלטען געשעהן —

ער האָט דאָס גיהנם — טאָלעדאָ,
ער האָט הישפּאַניען געזעהן!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

הישפּאַניען זעהט אויס ווי אַ שלאַכט-הויז...
ער זעהט זיינע ברידער, ווי שאָף;
שטרעקען דעם האַלז אויס צום מעסער,
לויפען אַקעגען דער שטראָף!

פערדאַרט און פערברענט זענען ליפּען,
פנים׳ער — בלאַסער פאַר קרייד,
און גוסען און שטאַמלען נור ודוי,
און שטאַרבען פאַר שרעק פאַר דער צייט.

טייל קושען דאָס מעסער ביים שטאַרבען,
טייל דאַנקען נאָך גאָט פאַר דער שטראָף —
ער זעהט זיינע ברידער פערלוירען,
פער׳כשופ׳ט אין לעמער, אין שאָף!

האַרץ-בלוט פערגיסט זיי די אויגען,
שכּור און דול פון דער נויט;
און אַח! אויף די פינסטערע שטערען
הענגט זיי איין אויפשריפט: „צום טויט!“

. . . . . . . . . . . . . . . . .

פינסטער קוקט ער אויף די זייטען —
קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון,
קיין דרום — ער הערט נור אַ חראַפּען,
אַ חראַפּען — טייל גוס׳ען, טייל שלאָפען!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און ווי היינט איז זיך געשטאַנען
אַ וואַרימע ליכטיגע נאַכט.
מאַי — אין אַ ים, אין אַ בלאָהען,
שווימט די לבנה פערטראַכט.

עס בלאַנקען די לוסטיגע שטערען,
זיי בלישטשען און ווערען נישט מיעד.
און זעפיר מיט בעז און יאַשמינען...
די נאַכטיגאַל טרילערט איהר ליעד...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס בילד האָט געמוזט איהם אויף אייביג
דאָס בלוט אין די אָדערן סמ׳ען,
פערטריאָגען די גאָלדענע טרוימען,
אָנצינדען בלוטיגע פלאַמען...

פערווישט שוין גאָטס קוש פון די ליפען,
עס ברענט שוין אַ קללה אויף זיי,

פייער און פלאַם איז זיין קללה —
עס הערט זיך זיין ווילדער געשריי:

„פראָטעסט געגען שאָף, געגען לעמער פראָטעסט,
וואָס זאָגען נאָך ודוי, וואָס קניהען...
פראָטעסט געגען גוס׳ען און שטאַרבען פאַר שרעק.
פראָטעסט געגען שלעפער, וואָס רוהען".

„פון בליץ פונ׳ם חלף ערוואַכען זיי ערשט,
אום באַלד צו פערגעהן אינ׳ם בלוט...
פראָטעסט געגען הימעל, וואָס בלאַנקט אַזוי בלאָה
און שמייכעלט אַקעגען דער רוט!"

פראָטעסט אויך דער ערד! וואָס זאַפט זי דאָס בלוט?
און ער דאָרט — וואָס מאַכט ער אַ שווייג?!
דער פויגעל פערשאָלטען, וואָס זינגט ער זיין ליעד,
זיין ליעבעס-ליעד אויף דער צווייג?!"

. . . . . . . . . . . . . . . .

און גאָטס קוש האָט גאָר נישט געהאָלפען;
פערשווינדען חלומות און גליק,
עס ברענט אינ׳ם מח נקמה,
גיפטיגע מעסער — אין בליק.

פער׳סמ׳ט איז זיין בלוט אין די אָדערן,
פערשאָלטען דאָס לעבען, די וועלט —
פערשאָלטען דער אָרימער פויגעל, —
ער לויפט אין די גאַסען און שעלט!

---

און וואו ער קומט, זידען-אויף הערצער,
דער כשוף — פערשוואונדען, פערוויסט — —

מען הערט שוין די ודוי פון מענשען
מיט קללות, חרמות געמישט.

עס הויבען זיך הענד אויף און דראָהען,
אַלץ ווייטער לויפט ער און וועקט...
די האָר צופלויגען ווי שלאַנגען,
פון בלוט זיינע קליידער געפלעקט,

פון האַרץ מיט אַ בלוטיגער ראַנע,
טריפט און עס צייכענט זיין וועג,
און וואו נור עס דונערט זיין שטימע,
שניידט אין די הערצער אַ זעג.

עס זעגט אין די הערצער זיין שטימע,
אַ בלוט-רויטער פאָהן אין דער האַנד...
עס ציטערט טאָלעדאָ, היספּאַניען!
נור ליידער —
— „דער סוף איז בעקאַנט",

ענטפערט זי טרוימעריש טרויריג,
„עס קלינגען מיר קייטען אין ד׳אוירען...
אויפשליסען — הער איך — פערשליסען — —
עס סקריפּען די אייזערנע טויערען..."

ער ענטפערט איהר פינסטער: „נאָך ערגער"
— „וואו ועסט דו דיין העלד נאָך פערפיהרען?"
זי האַכט איהם די האַנד אָן דערשראָקען:
„צי וועסט דו איהם לאָזען מ ע ר ט י ר ע ן!"

„דו לאָזט איהם פערברענען?"
— „נאָך ערגער."

— „נאָך ערגער? וואָס קאָנסט דו דען מעהר?“
אַ שמייכעל פערקרימט זיינע ליפּען:
פיעל ערגער, נו הער!

---

— „וואָס העכער דער מענש איז ביי גאָט —
מעהר מישט זיך דער טייפעל אַריין;
קומט אויף זיין וועג אָן געפלויגען
פון ווייטען אַ צויבער-רידוואַן.

געשפּאַנט איז דער וואָגען מיט מענשען,
מיט מענשען פער׳כשופט אין פערד;
זיי פליהען און שפּריצען מיט פייער,
און—ריהרען קוים לייכט אָן די ערד...

אין וואָגען דאָרט זיצט אַ מכשפה,
מיט אַ שפּיצרוט אין דער האַנד,
ליליען-בלאַס איז איהר פּנים,
נור אין די אויגען די בראַנד!

אַח, טיעף ווי ס׳גיהנם די אויגען,
און אין זיי גן-עדן—אַ תהום...
זיי שפּריצען מיט שטראַהלען, און זעעלען
זאַפּען זיי איין ווי אַ שוואָם...

און ליפּען, אַח, האָט זי—צוויי רויזען,
האַלב אָפען, אָט-אָט — דאַכט זיך — פליהט
פון זיי אויס די הייליגסטע פאָרמעל,
אַ צוזאָג, אַ מאַגנעט, וואָס ציהט

מיט צוואַנגגען אויס האַרץ און געדערים;
און קושען, וואָס גיפטען, פער׳סמ׳ען
דאָס בלוט אין די אָדערן, גיסען
אין האַרץ אַריין פינסטערע פלאַמען...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

„און „ער״ איז געבליבען פערשטיינערט,
פערוואונדערט אויך קוקט אויף איהם „זי״,
און שטעהן איז דער רידוואַן געבליבען;
און ער איז געפאַלען אויף די קניה״!

---

ער שווייגט און זי מאָהנט זיך די רעשט —
ער זאָגט איהר: דער סוף איז בעקאַנט,
פער׳כשופ׳ט אויף אייביג, מיין העלד,
ער פליהט שוין אין רידוואַן געשפאַנט!

ער פליהט שוין און שליידערט מיט פונקען,
גלייך אַלע בעצויבערטע פערד —
און שטיל שוין און אויס פראָטעסטירען — —
שטיל שוין אויף הימעל און ערד!

פון ווייטען נאָך רוישען די רעדער,
פערד אַמאָל הערט מען נאָך סאַפען,
שטיל מערב און מזרח, און צפון,
און דרום — מען הערט נאָר אַ חראַפען.

טייל שלאָפען, טייל גוס׳ען, טייל שטאַרבען,
טייל לויפען אַקעגען דער שטראָף,
עס שטרעקען שוין ווייטער די העלזער
די מענשען, פער׳כשופ׳ט אין שאָף;

מען ברענט און מען קוילערט, נור שטילער
און אַח — ווי אַ שוואַם איז די ערד!
דאָס בלוט, וואָס וויל זידען און קאָכען,
זאַפּט עס פון אונטער דער שווערד...

און שטיל איז דער הימעל דער בלאָהער —
עס בלאַנקען לבנה און שטערען,
בעז און יאַשמין אינ׳ם ווינטעל,
דער פויגעל לאָזט ווייטער זיך הערען...

---

— „שויעריג — זאָגט זי — אין דיין פּאַבעל!...
עס ווייזט זיך אַ פינסטערע פלאַם
אין זיינע אויגען. ער זאָגט איהר:
„עס איז נישט קיין פּאַבעל, מאַדאַם..."

„פאַר מיינע אויגען — טאָלעדאָ!
דאָך שוואַך איז די דיכטער-נאַטור!
און ריידענדיג פיהל איך ווי ס׳רוקען
פון קאָפּ מיר אויף ד׳אַקסעל די האָר..."

„און שטייף ווערט די הויט מיר גאָר זעלטען!
איך פיהל מיך גאַנץ פערדיש, מאַדאַם!
און סאַפּע און לויף איבער וועלטען...
מיר דאַכט זיך אַזוי, מן הסתם!"

# ער און זי.

ווען ער איז געוועזען אין גוטען הומאָר,
(עס האָט זיך שוין לאַנג נישט פּאַסירט;
אַלץ דורכ'ן חורבן... און אפשר — ווער ווייסט?
ווי אַלע פון וועלט-שמערץ געריהרט!)

נור ווען ר'איז געוועזען אין גוטען הומאָר,
האָט ער, כביכול, געלאַכט;
און, שפּיעלענדיג, גייע נשמות'לעך צוויי
פון הימלישען זעפיר געמאַכט!

איינע — פול שענהייט, פול איידעלמוט, גוטע...
מיט זיסע חלומות בעשיט;
די צווייטע — פון אמת, פון יושר און משפט...
בעקוקט און געשמייכעלט: ס'אי'גיט!

און נעמט זיי און וואַרפט זיי אַרײַן אין אַ זעקעל,
וואו אַלע נשמה'לעך ליגען;
„זיי וועלען דאָרט אונטען זיך זוכען, געפינען" —
— שמייכעלט ער מיט פערגעניגען —

„און קוים וועט די וואַרימע זון אויף זיי שיינען",
„וועט פון זיי ווערען שוין לייט!"
ער נעמט און צומישט די נשמות אין זעקעל,
און וואַרפט עס אַוועק אין אַ זייט.

דאָס וואַרפט ער פאַר כּעס, — געקומען מלאכים
און בוקען זיך, בייגען און שפּרינגען...
און „קדוש", און „קדוש", און נאָכאַמאָל „קדוש", —
ווייטער דאָס אייביגע זינגען.

און ווען ער פערציהט דאָרט אין הימעל די ברעמען...
נו, פיהרט דאָ דער טייוועל די וועלט;
איהם האָט ער אין מזרח געוויזען זיין שטערן,
איהרען אין מערב געשטעלט!

ער האָט זיי פערשידענע וועגען געוויזען,
און וואָס אַמאָל ווייטער פערפיהרט
אין אייביגען זוכען און בענקען און קרענקען...
אַזוי האָט דער טייוועל רעגירט!

דערנאָך ערשט אין הערבסט, ווען אָהן בלומען, אָהן זון,
איז קויטיג פערגאָסען די וועלט,
האָט ער זייביידע צוזאַמענגעפיהרט,
אין זומפּ אַריין ביידע געשטעלט!

זיי האָבען זיך ביידע שוין גאָר נישט דערקענט,
גערעדט שוין גאָר אַנדערע שפּראַכען!
צוגאַנגען, אפילו די הענד נישט דערלאַנגט;
ער טייוועל, דער פּלאַצט שיער פאַר לאַכען!

# פריהלינג.

דו זעהסט, די ערד האָט זיך בעפרייט
פון שלאָף — פון פראָסט און שניי!
דו זעהסט, די ערד האָט זיך בענייט
און לעבט און אָטעמט פריי;

ווי מיט דער שטאַר-פערהאַסטער פעל
האָט לייכט געמאַכט איין עק
דער בלאָהער טייך! און אויף דער שטעל
טרייבט ער שוין זיין וועג!

אָבגעשאָקעלט האָט דער וואַלד
דעם שניי און בליהט, און שפראָצט,
און אויך דאָס שוואַכסטע גרעזעל שפּאַלט
זיין „אונטער דר׳ערד" און גלאָצט,

און זוכט די זון, די פרייע וועלט,
און ציהט און זויגט זיין גליק!
און הערסט ווי איבער בערג און פעלד — —
„ציריק! — ציריק! — ציריק! —"

„ציריק — איך לעב, איך שטרעב, איך וויל...
„איך שלאָף שוין נישט, אָה, ניין!"...
נאָר מיין פאָלק איז פויל און שטיל,
נישט געוועקט נאָך, ניין!

אַמאָל,
אין אַ גאָלד-בעפלאָסענעם טאָג,
מיט גאָלדענער יוגענד בעשטראַהלט,
האָב איך דעם בוים געפלאַנצט.
און אין זיין קאַרגען שאָטען
זיך איך גאַנץ איינזאַם אַצונד,
אונטער דער אייגענער לאַסט געבויגען,
פון בלייערן-שווערע געדאַנקען געדריקט...

ע ר בליהט...
ווער האָט מ י י נ ע בליטען-חלומות געריסען?
מ י י נ ע בליטען-חלומות צערשטרייט אויפ׳ן ווינד,
און אויסגענאָגט מיין האַרצען-זאַפט מיט דורשטיגע ליפען?!

ע ר בליהט...
פון הינטען — הינטער מיר פערנעם איך טריט
רוישען פייגעל אין דער לופט
אָדער — דיין מאַנטעל, ליעבסטע?!

עמיץ געגעהנט זיך שטיל,
נעמט מיר דעם קאָפּ אַרום פון הינטען.

צוויי קאַלטע הענד פערשטעלען און דריקען מיר די אויגען צו...
— איך בין דער טויט!
איך געה אַצונד נור פערביי,
איך וועל קומען צוריק.
פערזיגלען וויל איך דעם קוואַל, פון וועלכען דו טרינקסט,
פערלעשען די פאַרבען פון וואַלד און פעלד,
פון זאַנג און בלוט, אויף וועלכע דו קוקסט,
און פון הימעל און שטערן,
און פון אויג, און געזיכט...
און די פרוכט פון בוים דיר פערגיפטען———

— ווי קאַלט זענען דיינע הענד, טויט,
ווי פראָסטיג דיין אָטעם איז, —
מיט מיר טהו זיין ווילען
נאָר לאָז צו רוה מיין בוים...

# יוכבד.

איך שטעה בײַ דײַן װיגעל,
איך שטעה און איך קלער...
אויף דײַן בלאַס פּנים
טריעפט מײַן טרער.

מײַן ביטערע טרער...
קינד מײַנס, דו נייגסט
צו מיר צו דײַן קעפּעל;
דיר חלומ׳ט — דו זייגסט...

נור זאָג מיר, מײַן קינד,
װאָס זייגסט דו בײַ מיר;
װאָס שטעקט אין דער מילך,
װאָס האָסט דו פון איהר?

---

זייגסט דו מיט'ן גיפט,
וואָס אין דער מילעך פליסט ?
זייגסט דו מיט'ן סם ?
צי דיין מאַמע גיסט

נור מילך פון דער ברוסט,
צי פיאָלון פון קוואַל ?
צוגעהט אין דיינע ליפּעלעך
דאָס ביטערקייט, די גאַל ?

---

איבער דיין וויגעלע
שטעה איך איינגעבויגען ;
שטראַהלען שוואַרצע, פינסטערע
שיטען מיינע אויגען.

ראָזיג-דין דיין הייטעלע —
זיי דרינגען דורך די הויט...
קינד, זאָג, וואָס וועט זיין פון דיר...
איך שרעק מיך, אַח, מיך גרוילט...

---

וואָס שלאָפט דאָרט אין דיין מוח'עלע ?
ווייסט דו, ווער דו ביסט ?
ביי דער אַרבייט שטעהען מיר...
דרעהסט אַוועק פון ביסט

דיין קעפּעל צו דיין טאַטען דאָרט,
וואָס שטעהט אונטער דער רוט
נאַקעט, פון דער זון פערברענט,
בעפלעקט פון אייגען בלוט...



(8)

איבער זיינע אַקסעל פייפט,
שווישטשעט ווי אַ שלאַנג ...
און די פרענגעס פון דער בייטש
שטעהען לאַנג, אָ, לאַנג!

דרעהסט אַוועק דעם קאָפּ פאַר שרעק,
צוריק שוין ביי דער ברוסט...
זייגסט דו אויס פון איהר דעם סם?
ווייסט דו, ווער דו ביסט?

און אַז פרעה׳ס טאָכטער גלעט,
לאַכסט דו מן הסתם!
פרעה׳ס טאָכטער איז דיין מאַמע
און איך — בין דיין אַם?

איך זייג דיך מיט מיין בלוט, מיין קינד,
זייג דיך טעג און נעכט...
צי זייג איך אויס אַ פרייען מענש,
צי זייג איך אויס אַ קנעכט?

וועל איך צו די טויזענדער
נאָך אַ קנעכט ערציהען?
ווערסט פאַר פרעה׳ס געטער נאָך
און פאַר פרעה׳ן קניהען?

אונז וועט טרעטען פרעה׳ס פוס,
לעקען — דו זיין שטויב?
ניין! זאָל בעסער זיין דיין לייב
ווילדע פייגעלס רויב!

איך וויל אַליין דערשטיקען דיך!
וואַרפען אין דעם ניל!
שלינגען זאָל דיך בעסער אַיין
דאָרט די קראָקאָדיל!

---

און אפשר דריקט די קנעכטשאַפט שוין
די שמאַך אין דיינע אויערען;
קייטען קלינגען הערסט דו שוין —
ביסט אין זיי געבוירען!

אפשר זאַמלען זיך שוין היינט
אין האַרץ ביי דיר די קוואַלען,
און עס דרינגען דורך דיין הויט
די פינסטער-שוואַרצע שטראַהלען?

אפשר פיהלסט דו דאָס געיאָמער,
וואָס פערפילט די לופט...
און בעהאַלטסט ביי דיר אין הערצעל
אַלע טראָפּען גיפט...

און דו פיהלסט שוין!... מיינע ליעדער
האַלטען זיך ביינאַנד
מיט׳ן שווישטען פון די בייטשען
אין דעם מצריי׳ס האַנד...

און עס מישט זיך אַלץ צוזאַמען,
אַלדינג אין דיין מח...
און דו וועסט אַ העלד אויסוואַקסען,
דו וועסט קריגען כח...

און דו וועסט די יאָך צוברעכען...
און בעפרייען ברידער...

. . . . . . . . .

סם איז, קינד מיינס, אין מיין מילעך,
סם אין מיינע ליעדער...

## שוהל-קאַלינע.

פינסטער איז אין אונזער גושן,
פינסטער, ווי אין ארון-קודש...
דורך די הויכע שינדעל-דעכער
איינער געה'ר צום פרנס-חודש,

און דער צווייטער צום בעל-טאַקסע;
דעם בעל-טובה'ס שטעהט נאָך העכער.
פון פראָצענטער און מסירות
וואַקסען ריזיג הויכע דעכער,

אויך פון קמיעות און פדיונות...
ליכטלעך ציהען קליינע קינדער,
און עס וואַקסט ביים זייפענזידער
אויך אַ דעכעל, גאָר אַ ווינדער!

און אין מיטען, איינגעהויקערט
(טויזענד-יעהריג איז דער גאַרב!),
אָנגעשפּאַרט, ווי אויף אַ קריקע,
אויף אַ קרומען גרינעם שקאַרפּ,

שטעהט ווי אין אַ שרעק פערגליווערט
ד׳אַלטע, דורכגענעצטע קלויז;
און פון שקאַרפּ, וואָס האַלט זי אונטער,
וואַקסט אַ קאַלינע אַרויס...

צווישן ריזיג-הויכע דעכער
וואַקסט זי פינסטער און בעהאַלטען;
ציהט פון אַלטען שקאַרפּ חיונה,
אַלטע שטיינער מוז זי שפּאַלטען!

און עס קרענקט דאָס שוואַכע ביימעל,
שטענדיג אויסגעדאַרט און בלייך...
מיטאָג... תמוז! און עס בעטעלט
קוים אַ שטראַהל אויס פון דער הייך!

קוים אַ שוואַכע שטראַהל, אַ מאַטע,—
אַח, עס פריהרט אַזוי דאָס בליט!
ווען די גרויסע שינדעל-דעכער
גלאַנצען, ווי מיט גאָלד בעשיט!

. . . . . . . . . . . . . .

ווי אַ גייער אויף אַ טייבעל —
פלוצלונג שיסט אַראָב די נאַכט
אויפ׳ן אָרים ענגען גושן —
און די קאַלינע פערשמאַכט!

הייבט זיך מיט די לעצטע קרעפטען
צו דעם הימעל אויף, און בעט
נאָך אַ שטראַהל, נאָך איין סעקונדע
וואַרים ליכט!— אַח, שוין צו שפּעט!

ווערט שוין פול די קלויז מיט מתים
און זיי „דאַוועגען" און „ליינען" ...
פול תּכריכים, פול סקעלעטען —
און זיי שאָקלען זיך און וויינען ...

אַלטע בכיות, אַלטע תּפלות,
ס'אַלטע ברעכן זיך די הענד ...
און דער פוילער מתים-אָטעם
שלאָגט אַדורך די נאַסע ווענד —

און צושפרייט זיך אינ'ם גושן,
און עס שרעקט אַזוי, און גרוילט;
און פון שרעק און מתים-אָטעם
דאַרט די קאַלינע און פוילט.

און עס ווייכן אַלע פייגעל
די סוכאָטניצע אָהן לינגען;
קיינער וויל זיך דאָ נישט נעסטען,
קיינער זעצט זיך דאָ נישט זינגען!

פליהט אַדורך אַמאָל אַ פויגעל,
זעהט זי פוילען דאָרט אין עק,—
רייסט זיך פלוצלינג אָב זיין ליעדעל,
און ער פליהט פערשטומט אַוועק!

אַח, עס פיהלט דער פרייער פויגעל
צו דעם פרייען פרישען לעבען,
וואו געזונדעביימער וואַקסען,
און די גרויסע פייגעל שוועבען ...

וואו דאָס ליעדעל פליסט פון האַרצען
און עס הייבט זיך העכער, העכער.

און עס פערעלט זיך די משקה
אין געגילטען לעבעגס-בעכער...

און דער טאָג האָט זון און הימעל,
און די ליעבע הערשט ביינאַכט...
און די קאַלינע פון קלייזעל
בלייבט דאָ עלענד און פערשמאַכט!

## דריי נייטאָרין.

די אויגען רויט, די ליפּען בלאָה,
קיין טראָפּען בלוט אין באַק נישט דאָ,
דער שטערן בלאַס, בעדעקט מיט שווייס!
דער אָטעם אָבגעהאַקט און הייס — —
עס זיצען דריי מיידלעך און נייהען!

. . . . . . . . . . . . . .

די נאָדעל — בלאַנק, די ליינוואַנד — שניי
און איינע טראַכט איך נייה און נייה.
איך נייה בייטאָג, איך נייה ביינאַכט,
קיין חופּה-קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס, איך נייה?

נישט איך שלאָף און נישט איך עס...
איך וואָלט געגע׳ן אויף מאיר בעל-נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיהט:
איין אלמן חאָטש, איין אַלטען יוד.
מיט קינדערלעך אַ שאָק!

. . . . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט, איך נייה און שטעפּ,
און שטעפּ מיר אויס גאָר גראָהע צעפּ!

ד'ער קאָפּ—ד'ער ברענט, די שלעף—זי האַקט,
און די מאַשין—קלאַפּט צו צום טאַקט:
טאַ-טאַ, טאַ-טאַ, טאַ-טאַ!

איך פערשטעה דאָך יענעמס ווינק!
אָהן אַ חופּה, אָהן אַ רינג,
וואָלט געוועזן אַ שפּיעל, אַ טאַנץ,
אַ ליעבע אויף—אַ יאָהר אַ גאַנץ!
נאָך דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך נייה מיך קראַנק, איך נייה מיך בלינד.
עס צוקט די ברוסט ביי יעדען שטאָך...
און ער—האָט חתונה די וואָך!
איך ווינש איהם נישט קיין שלעכטס!

עס, פערגעסען וואָס אַמאָל!...
תכריכים וועט מיר געבען קהל,
אויך אַ קליינטשיק פּיצעל ערד,
איך וועל רוהען אונגעשטערט,
איך וועל שלאָפען, שלאָפען!

# וואָס טראַכטען און קלערען?

(נאָכאַמונג)

---

וואָס טראַכטען און קלערען
גערונצעלטע שטערען,
ווען ס'ווערען אין ד'אויגען
פערבאַקען די טרערען?
וואָס טראַכט און וואָס חלומ'ט
די שטומפיגע קוואַל?
צי בליצט דאָרט חאָטש איינמאָל
אין לעבען די שטראַהל,
וואָס לייכט אונז ביי'ם זוכען
אין פינסטערע טעג,
דער אָרימער מענשהייטס
פערלוירענעם וועג?

---

וואָס טראַכטען, וואָס קלערען
די אַלע, וואָס שטופען
די טאַטשקע פון צרות
צי שיינט אויף די ליפען,
וואָס שיילען זיך, ברענען
פון אייביגע זאָרגען

חאָטש איינמאָל אַ שמייכעל —
אַיין אָבגלאַנץ פון מאָרגען,
פון גליקליכען מאָרגען,
וואָס אונז מאַכט בעקאַנט
דעם פינסטערן הימעל׳ס
פערגאָלדעטער ראַנד?

---

וואָס טראַכט זיך דער הונגער
אין קעלער פערשמאַכט?
דער שלאָף וויל נישט קומען,
און שטיל איז די נאַכט;
צי הערט ער אין שטילען
דעם אייזערנעם קלאַנג——
דעם טריט פון די צייטען,
פון דורות דעם גאַנג...
צי שפּאַלט זיך דער הימעל
ביי גאָט אין דער האַנד?
צי זעהט ער דעם דונער?
צי וויס ער, ס׳איז קראַנט?

# דאָס געבעט.

(נאָכֿאַמונג).

---

רבונו של עולם!
נאָך ווייניג געליטען?
ווען וועסט דו, רבונו
של עולם, פערשיטען

דעם אָבּגרונד, דעם טיעפען,
וואָלט טיילט דיינע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכֿע,
אויף לעמער און שינדער?

* *
*

און בּרייט איז דער אָבּגרונד,
און טיעף ווי אַ תּהום,
און זאַפּט אין זיך איין
אונזער בּלוט ווי אַ שוואָם!...

* *
*

עס ווערען אין אָבּגרונד,
— וואו ס'מעסער נאָר בּליצט, —

מיט בלוט אויך די ריינסטע
אידעען בעשפריצט...

עס ציטערט פון דאָרטען
דער וועהטאָגס-געוויין,
דאָרט ליעגט די נקמה
און קריצט מיט די צייהן...

דאָרט ליעגט די פערצווייפלונג
דערשראָקען, פערבליפט,
מיט ליפּען ווי קוילען,
ביי'ם בעכער פון גיפט...

* *
*

רבונו של עולם!
נאָך וועניג געליטען?
ווען וועסט דו דעם שרעקליכען
אָבגרונד פערשיטען.

דאָרט ברעכען די פליגעל
די אָדלער די גרעסטע;
דאָרט ווערען פערשטיינערט
די הערצער, די בעסטע...

רבונו של עולם,
צי שפּראָצט דען דיין לויב
פון פינסטערן, פוילען
אין בלוטיגען שטויב?

. . . . . . . . . .

# ליעדער.

(נאָך מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ).

---

ד׳האָב געזעהן ליעדער! טהייל ווייסע ווי שניי,
און שען און בעשמעקט, ווי די בלומען אין מאַי,
און ריין ווי דער בלאָהליכסטער הימעל ביי-נאַכט,
דערביי — ווי דער טרויריגסטער מלאך פערטראַכט —
זיי האָבען ליעבע געזונגען!

דערנאָך איז געקומען די צייט מיט דער קאָסע.
זי האָט זיי געשניטען ווי היי מיט ראָסע;
עס האָט זיך אַ לופט פון גן-עדן פערשפרייט;
עס טראָגט זיך דער ריח גאַנץ ווייט און גאַנץ ברייט —
ס׳איז דאָך קיין ברויט נישט געוועזען!

---

אַח! האָב איך אַלערליי ליעדער געזעהען,
פון טייל איז אין האַרצען גאָר וואונדער געשעהען!
עס רייסט זיך פאַר בענגשאַפט און ס׳בלוהט אָהן אַ עק,
ס׳פערגעהט שיער פאַר שרעק און ווי זיס איז די שרעק...
זיי האָבען באַלאַדען געזונגען!

דערנאָך איז געקומען די צייט! אויפ׳ן שטערן
האָט זי אַ ברענענדע זון, און עס ווערען

„אָלקען און נעפּעל צושווימען, צורינען...
איך קאָן פון די ליעדער קיין זכר געפינען;
גלייך מיט די נעפּעל פערשוואונדען!

קלאָג-ווייבער-ליעדער האָב איך אויך געקענט.
ווי ערד איז דאָס פּנים, געבראָכענע הענד.
געלעבט אין בית-עולם, געלויבט און געוויינט,
קרענץ פאַר די קברים געפלאָכטען, געקריינט
מצבות, געקושט און געהאַלזט!

דערנאָך איז געקומען די צייט און געשניטען
אויף סיעצקע פאַר קעלבער די קרענץ און די בליטהען;
גענוצט די מצבות צו הייזער אַלס שטיינער,
און צוקער געלייטערט אויף הייליגע ביינער —
קלאָג-ליעדער זענען פערשוואונדען!

---

אויף ליעדער, וואָס האָבען געדיענט דער מינוט,
גע'חנפ'ט דעם שטאַרקען, געשמייכעלט דער רוטה;
ביי רייכע געבעטעלט, פערהייליגט דעם רויב,
פון רינשטאָק געטרונקען, געגעסען דעם שטויב —
זיי האָבען אָדען געזונגען.

די צייט איז געקומען—זי בלאָזט אויפ'ן האָרן
אַ וועק-ליעד! עס זענען פערזאַמעלט געוואָרען
דיכטער און זינגער פון נאָהנט און פון ווייט.
זי האָט זיי געמוסטערט... די קרעציגע לייט
אַרויס פון דער מחנה פערטריבען!!!
. . . . . . . . . . .

# ביי דעם פרעמדען חופּה=קלייד.

(אַ סצענע פון ווארשויער לעבען).

אין אַ מאָדע=מאַגאַזין. פּערזאָנען: מאַדאַם, צוויי מאָדיסטקעס און האַנד=מיידליך.

---

מאַדאַם:

היינט ווערט געשטעפּט און גענייהט,
היינט וועט מען ליידיג נישט זיצען!
טוריי — טוריי — טוריי!
זעהט נור די גאַזען, די שפּיצען!
זעהט, ווי דאָס זיידענס וועט בליצען!

פּ שלעפּע וועט זיין גאָר אַ מורא!
אודאי צעהן איילען די שלעפּ!
היינט נאָך — בריליאַנטענע קנעפּ!
עהט — מען געטרויט אַזאַ סחורה!

האַנד-מיידליך (כאָר):

אָט האָט איהר אַ וואונדער,
ר׳לעבען, קיין שפּאַס!
צי הייסט דען נישט „פּאַווע״ —
יאָ פּאַווע — די גאַס,

זואו ס׳שטעהט זיך אַ מויער
גאַנץ געלבליך און בלייך,
דאָך פעסט ווי אַ פעלזען,
דריי שטאָק אין דער הייך;

די פענסטער — אין אייזען,
די טויערן — פערמאַכט...
עס געהט נאָך אַ ועלנער
אַרום אויף דער וואַכט!

אוי, דאָרטען צו וואוינען
איז טרויריג און באַנג!
עס שלאָגט דורך די מויערן
דאָס קייטען-געקלאַנג...

עס קלינגט אַזוי טרויריג
דין-דאָן... דין-דאַם!
אָה, ריהרט נישט דאָס זיידענס,
נים טשעפּעט, מאַדאַם!

די ערשטע מאָדיסטקע:

סאַטען-דע-ליאָן... און שפּיצען, און גאַזען,
עס פעהלט נאָך בריליאַנטען צום רימעל..

דיוואַנען, און בלומען, און לאָמפּען... די כלה
וועט אויסזעהן — אַ מלאך פון הימעל!

האַנד-מיידליך (כאָר):

נישט קיין גראָשען פאַר דער דירה,
און אין מויל קיין ביסען!
ד'וויל ביים מלאך פאָרשוס בעטען!
ניין, זי וויל נישט וויסען!

מלאך, גיב פאָראויס אַ רובל!
ניין, זי גיבט נישט פריהר!
ד'וויל פערצעהלען איהר פון הונגער, —
וויזט זי מיר די טהיר!

אוי, עס זעצט מיר אין די שלעפען,
דאַכט זיך מיר, אָט פאַל, איך.
„נור אָהן קונצען, נור אָהן פאַקסען!"
לאַכט מיך אויס דער מלאך!

. . . . . . . . . . . . . .

אוי, מיך האָט דעם מלאך'ס לאַכען
ביז אַהיים געהעצט!
און איך האָב דעם מלאך זיידענע
אויף אַ ברויט פערזעצט!

און עס איז אַראָבגעפאַלען
פּלוצלונג, ווי פון הימעל,
אוי, דער מלאך מיט אַ לאַפּאַץ,
טאַקי ווי צום רימעל!

און מיך האָט פערזאָרגט דער מלאך
אויף די גרויסע פרעסט,
אוי, אויף גאַנצע דריי חדשים
מיט קוואַרטיר און קעסט!

---

די צווייטע מאָדיסטקע:

בלאַס איז דאָס זיידענצייג, פונקט ווי מיין פנימעל,
דורכזיכטיג-דין, ווי מיין הויט...
ריהרט מען עס, קרעכצט עס „אוי!", פונקט מיינע ביינדעליך—
דאָס הייסט אַ גליקליכע מויד!

דאַצו ווערען קומען ברילִיאַנטענע קנעפליך,
גרויסע, ווי אָרימע טרערען!
נו, אַייל דיך, רעדעלע! אַייל דיך, טרעקאָטשע,
ד'זאָל מיינע ביינדליך נישט הערען!

טראַך—טראַך—טראַך, ביינדעלע! טור—טור—טור, רעדעלע!
שלאָג'מיר דאָך גלייך מיט'ן זייגער...
טראַך—טראַך—טראַך, ביינדעלע! טור—טור—טור, רעדעלע!
ווען וועל'מיר רוהען, אַ שטייגער!

האַנד-מיידליך (כאָר):

עס איז פערהאַן אַ שטיבעלע
אויף אַ שטילער גאַס!
ס'האָט קיין טהיר, קיין פענסטערל —
אייביג שטיל און נאַס!

חאָטש מען צאָהלט קיין דירה-געלד,
וואַרפט מען נישט אַרויס!

דאָרטען רוה׳ן אויף אייביג שוין,
די ביינדעליך זיך אויס!

פון קיין שטעפען ווייס מען נישט,
עס ווערט שוין נישט געניהט...
צום שטיבעלע קומט איטליכער
אויף אייביג שוין בעקלייד!

די צווייטע מאָדיסטקע:

שטעפ, נאָדעל, שטעפ די בראַבאַנדערנע שפיצען —
פאַר איהר, פאַר איהר!
תכריכימלעך ווערסט דו גיך און באַלד שטעפען —
פאַר מיר, פאַר מיר!

עס בליצען בריליאַנטען, עס שמייכעלט די כלה׳שי —
שיין אַזוי, ליעב!
ווען וועט אַ שמייכעל מיין פנים בשיינען?
אין גרוב, אין גרוב!

ער וועט זי טוליען, צוקנייטשען די שפיצען
אין האַרציגען שטורם!
דיך ווער וועט גלעטען, און פיעשטשען, און טוליען?
אַ וואורם, אַ וואורם!

---

## „לוסטיג-לעבען"
## (אַ יונג האַנד-מיידעל)

וואָס פער׳סמ׳ט איהר מיר דאָס לעבען?
זינגט נישט אַזוי שרעקליך!

ד׳האָב קיין סאַמעט און קיין אַטלאַס—
נור די רויטע בעקליך!

ד׳האָב קיין שפּיצען, קיין בריליאַנטען,—
ווייס איך, וואָס זיי טויגען!
ד׳האָב אַ האַלז — איין אַלאַבאַסטער,
צוויי בריליאַנטען — אויגען!

ד׳דאַרף קיין פּערל—זעהט די צייהנדליך,
אַח, ווי זיי געפּעלען!
און די יונגע, פרישע ליפּליך
זענען מיינע קרעלען!

פעהלט מיר גאָלד דען? זעהט די לאָקען!
און וואָס גליק איז — ווייס׳ איך!
לאָזט מיך לאַכען, לאָזט מיך לעבען—
„לוסטיג-לעבען” הייס איך!

האַנד-מיידליך (אויסער לוסטיג-לעבען):

אויף יעדער גאַס, אין יעדען הויז
שטעהט אַ קאַסטען מיסט!
קלויבען לאָזט מען פראַנק און פריי
שמאַטעס גאָר אומזיסט!

און — ווערט „לוסטיג-לעבען” אַלט,
ווייסט איהר, וואָס איהר גליסט?
מאַכט אַ שטעקעלע זיך פיין,
גראַבילט זיך אין מיסט!

## די ערשטע מאָדיסטקע:

יונגערהייד אַ העזעלע,
געשפּרונגען און געקישט;
צינד האָט עס קיין גּעזעלע,
און קיין גומען נישט!

## די צווייטע מאָדיסטקע:

זי וועט זיצען צווישען בלומען
אויף אַ דיוואַן — רייך!
און מיר מאַכט אויף דר'ערד אַ ביסעל
שטרוי נור גלייך!

זי דאַרף שפּיגלען, זשיראַנדאָלען,
לאָמפּען אַלערליי;
מיר צוקאָפּענס — גראָשענדיגע
ליכטליך צוויי!

אָהן מוזיק אויך פיהרט מיך לעגען,
ווען אויך היינט ביינאַכט...
ווילט איהר דוקא — ווינט אַ ביסעל,
ווילט איהר — לאַכט!

## מאַדאַם:

שטילער, שטילער, שטילער,
שטיל איין אויגענבליק!
טוריי — טוריי — טוריי!
אָט דאָס הייסט מוזיק!

וואָס האָט איהר פון די ליעדער?
דריקעניש — נישט מעהר!
עס ציטערן די ברעמען,
אָט, אָט, פאַלט אַ טרער...

און אַז טרערען פאַלען
פון דער שווערער נויט —
אויף די ווייסע קליידער
ווערט אַ פלעק אויף טויט.

טוריי — טוריי — טוריי!
אָט דאָס הייסט מוזיק —
האָט איהר נישט קיין אייגענס,
זינגט פון פרעמדען גליק!

אַלע (כאָר):

עס איז געווען אַ מיידעלע,
אַ מיידעלע אַ פראַכט —
עסען עסט עס יעדען טאָג,
שלאָפט זיך יעדע נאַכט!

ליפּליך האָט זי רויטינקע,
רויטינקע, וואָס נישט?
נאָך נישט קיין צוביסענע,
נאָך נישט אויסגעקישט!

און זי האַלט דאָס קעפּעלע
חנ׳עוודיג און שטאָלץ! -
זאָרגט עס אויף אַ ברייטעלע,
קויהלען אָדער האָלץ!

און אייגעליך — פער'חלומ'טע,
בלימעליך געגוי!
בלימעליך און כלה-חן
ליגט אויף זיי ווי טוי!

צינד נייהען מיר דעם מיידעלע,
צו מזל און צו גליק,
אַ זיידען חופה-קליידעלע,
אַ קליידעלע אַ שיק!

מען וועט איהר גע'ן אַ מאַנעלע,
איי, דעם יונגען בלוט...
האַ — האַ — האַ! דאָס מאַנעלע
דאָס קאָנען מיר דאָך גוט!

מאַדאַם:

אוי, נאַרישע קנאה!
איך קאָן דיך פון לאַנג,
איך קאָן אויך דיין צינגעל —
די גיפטיגע שלאַנג!

אוי, נאַרישע קנאה!
די גאַל איז דיין האַרץ —
גאָלד וואָס איז? בלאָטע!
דער שניי איז דיר שוואַרץ!

די זון האָט דאָך פלעקען,
די שטערן — צו קליין!
מיינט—זי פרעסט יענעם,
און פרעסט זיך אַליין!

## אַלע (כאָר):

עס איז געווען אַ מאַמעלע,
אַ מאַמעלע אַ פיינס!
זי האָט געהאַט אַ טעכטערל,
אַ טעכטערל אַ קליינס!

און עס האָט דאָס מאַמעלע
דאָס טעכטערל געקישט,
געקישט, געהאַלזט, געוואָרענט עס:
„זיי קיין נאַשער נישט!

„קוק נישט אויף קיין איינגעמאַכטס,
ד'אויגען האַלט פערגלייסט!
טהו נור, וואָס דער טאַטע וויל,
און וואָס די מאַמע הייסט!"

„און וואָס גוטע, פרומע לייט
עס ראָטען דיר, מיין קינד!
זעהסט דו נאַשען, קוק אַוועק!
בעסער — מאַך דיך בלינד!"

„זאָגט מען, חס ושלום, דיר:
„איינגעמאַכטס איז זיס!",
זאָלסט דו ווערען פייער-פלאַם,
טופען מיט די פיס!"

„פאַר דאָס וועל איך שפעטער דיר
קויפען אויפ'ן מאַרק,
אם ירצה השם, אַ ניסעלע, —
ווייסט, איך בין נישט קאַרג!"

פאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד —
אַ ניסעלע פון גאָלד,
פאַר דיר אַליין אַ שפּילעכיל,
וועסט עס האָבען האָלד!

פאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד,
און נור פאַר דיר אַליין...
און דו וועסט עס קושען פריי,
און קנאַקען מיט די צייהן!"

און עס פּאָלגט דאָס טעכטערל,
וואָס טאַטע-מאַמע הייסט;
און זי האַלט אַ גאַנצען טאָג
די אייגעליך פערגלייסט!

רייטעלט זיך, אַז איינגעמאַכטס —
זאָגט מען איהר — איז זיס!
ס'צאַפּעלט איהר דאָס יונגע האַרץ —
זי טופּעט מיט די פיס!

עס קומט די צייט, דאָס מאַמעלע
האַלט איהר וואָרט, נישט קאַרג!
פאַר אַ גאַנצען גראָשען געלד
קויפט זי איהר אין מאַרק

אַ פערגאָלדעט ניסעלע.
אוי, ס'איז מלא חן!
מיט ציטערדיגע הענטעליך
חאַפּט ז'עס אויף די צייהן!

חאַפּט עס אויף די צייהן און קנאַקט —
איי! די נוס איז פויל!

עס שפּייט און שפּייט דאָס ווייבעלע —
טאַביק פול אין מויל!

— מאַמע, ווײַנט דאָס טעכטערל,
די יאָנדערע וואו איז?
„מאַמעשי" און „מאַמע-קרוין",
איז דאָס דער טעם פון ניס?

דאָס האַרץ טהוט וועה דעם מאַמעלע;
דאָס פּנים מאַכט זי גלאַט: —
„עס איז אַזוי! דיין מאַמעלע
האָט אויך אַזוינס געהאַט"!

## די מאַדאַם:

נישט דאָרט איז גליק, וואו צירונג בליצט,
וואו איידעלשטיין מיט פונקען שפּריצט;
נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט,
נישט דאָס איז פריידּ, וואָס לאַכט און טאַנצט!
עס מיידט גאַנץ אָפט דאָס גאָלד'נע בעט
דער שלאָף; דעם גרויסען זאַל — די זעט,
ווי אויך דאָס גליק דעם זאַק מיט געלד, —
דאָס ווייסט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!

## די ערשטע מאָדיסטקע:

אַמאָל איז געוועזען, נור וואו? מן הסתם
דאָרט ערגיץ אין בויבערג, אויף יענער זייט ים
נור — צי איז געוועזען? איהר פרעגט נאָך, איהר קלערט;
איך האָב עס אַליין פון מיין באָבען געהערט!

די מאַמע — געשטאָרבען, דער טאַטע — אַוועק,
די טרויריגע ווינטער-נאַכט האָט גאָר קיין עק!
די פענסטער — פערשמיעדט, די טיר איז פערשנייט,
און ס'רייסט זיך דער ווינד ווי אַ הונד אויף דער קייט!
הורורו — הורורו — וואָיעט און קלאָגט.
דאָס האַרץ איז דערשראָקען, עס ציטערט, עס נאָגט...
„באָבע!" זי הערט נישט, נור „דיאַ-דיאַם-דיאַם!"
די טויבע פערצעהלט מיר פון יענער זייט ים!

## אַלע:

בענוג שוין הקדמות,
נישט פלוידער, נישט קווייל;
פערגעס אָן דער באָבען,
די מעשה פערצייהל!

## די ערשטע מאָדיסטקע:

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנען אַמאָל
אויף היהנערנע פיסלעך אַ הייזעל אין טאָל,
געשטאַנען זיך איינפאַך, אָהן עזות, אָהן שטאָלץ,
אָהן פוצעכץ, אָהן צירונג—פון ליים און פון האָלץ!
אַ פענסטער אַ פיצעלס, נור חנעוודיג האָלד!
די זון זי בעשיט עס טאָג-טעגליך מיט גאָלד!
א לבנה און שטערן
פערהאַלטען זיך גערן
און מאָלען מיט זילבער די שויבען.

דאָס האָט דער הימעל די ליעבע בעלוינט!
עס האָבען אין הייזעל צוויי ברידער געוואוינט!

עס האַלטען צוויי הערצער צוזאַמען געטריי.

שווער איז די אַרבייט, נור ס׳אַרבייט זיך פריי!
ווייס איז דאָס מעבעל, מיט קלייען דאָס ברויט,
נור אַלץ איז צוזאַמען — די פרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איהר לאַנגען, איהר כשר׳ען פאָדים!

נור איינמאָל בעוויזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל,
פול גינגאָלד, שמאַראַגדען, עס פונקעלט זיין פעל!
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט;
דער עלטערער ברודער דערזעהט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך רייכטהום פאַרהאַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך אָרימער מאַן,
ד׳פערקויף איהם, וואָס ניט?
נ׳וואָלט אויפ׳ן יריד
געקויפט מיר צו מעלקען א קוה!

די שלאַנגען — זיי ווייסען, וואָס ס׳טראַכט זיך ביי לייט;
זי ווינקט איהם און רופט איהם אַוועק אין אַ זייט,
און זאָגט איהם: „איי, ברודער, וואָלסט דו נאָר געוואָלט,
שיטסט די דיר אָן פעסער פול גאָלד,
קרעלען דיאַמאַנטען, בריליאַנטען אַ וועלט,
און אַלץ, וואָס מען קען נור בעקומען פאַר געלד!"
איך מאַך נישט קיין שפּאָט,
פערהאַן אַזאַ סוד,
איך קאָן איהם דיר זאָגען אין וואַלד!

די שלאַנג איז אַוועק, און דער יונגערער קלערט:
ווי גאָט האָט זיך יעדען זיין שענקייט בעשערט;

געה פרעג'ן: דער גלאַנץ און די שענקייט וואָס טויג?
די ליידענשאַפט פלאַמט שוין אין עלטערנס אויג:
קרעלען, דיאַמאַנטען, ברילליאַנטען — אַח, גאָט!
זי זאָל נור נישט נאַרען און זאָגען דעם סוד!
קוקט ער צום וואַלד,
און גנב'עט זיך באַל'ד
פון ברודער אַרויס צו דער שלאַנג!

די זון געהט שוין אונטער, פערגאָלדט נאָך די זוים
פון וואָלקען אין הימעל; און אונטער אַ בוים
זיצען שוין ביידע, — דער מענש און די שלאַנג;
זיי זיצען צוזאַמען און שמועסען שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייסט נישט — פאַר פרייד צי פאַר שרעק?
זי וויקעלט דאָס האַרץ איהם אַרום מיט'ן עק,
און רעדט פון דיאַמאַנטען,
קרעלען, ברילליאַנטען,
„אַלץ וועסט דו האָבען גאָר גרינג!"

„בעטראַכט נור דיין ברודער, דאָס איז אַ פאַבריק
פון קרעלען, ברילליאַנטען, דיאַמאַנטען און גליק!
עס טרעפט זיך, ער אַרבייט, און וואונדערליך הייס
ווערט איהם, דער שטערן בעדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפען די טראָפּען!... ער ווישט מיט דער האַנד;
לאָז נישט! דער טראָפּען דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
נור אַרבייטען הייס!
קלויב אויף דעם שווייס!
שיטסט דו אָן פעסער דיאַמאַנטען!"

„עס טרעפט און איהם פאַלט פון די ברעמען אַ טרער;
מיינסט דו, דו נאַר, עס איז וואַסער נישט מעהר,

און טרייסט'ן, און האַלוז'ן, דו האַלטסט עס נישט אויס,
און קושסט איהם די טרערען פון ד'אויגען אַרויס!
פערשווענדסט דיין פערמעגען, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריעפּען! און קלויב יעדען טראָפּ!
אַ טרער, האָב פערשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט,—
רייך ווערסט דו זיין ווי אַ קעניג!"

„דערנאָך — האָט דיין ברודער איין איידעלע פעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדעל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסט דו — איז עס, בלוט — זאָגסט דו — אַ קאַפּ?
דו נאַר! עס איז קרעלען, דו צאַפּ נור און צאַפּ!
זאָל ער נור בלוטען און בלוטען נישט קאַרג!
אָנשיטען ווערסט דו שוין קרעלען אַ באַרג!
דו האָסט אַ פאַבריק,
און מאַך דיר דיין גליק,
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד!

די ליפּען פערביסען, די פויסטען געבאַלט,
געהט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד,
די אויגען, זיי ברענען און זיימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּעלט די ליעבע צום ברודער אין האַרץ,
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נאָר מאַכען אַ פּרוב,
אַ שטאָך וועל איך געבען אַ קליינעם, נישט טיעף;
מיין ברודער? איך וויים!
נור טרערען און שוויים,
זענען בריליאַנטען, בריליאַנטען!"

---

עס הערט די לבנה נאָך ד'אייגענע נאַכט,
ווי ס'האָט אינ'ם שטיבעל געוויינט און געלאַכט.

עס קוקען די שטערן אין פענסטער אַריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער ביים ברודערס געוויין?!
די זון האָט צומאָרגענס געוואונדערט זיך שטאַרק:
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטען אין קאַרק?
עס וואונדערט צוגלייך
דעם וואַלד און דעם טייך:
וואָס איז עס אין שטיבעל געשעהן? x

---

און עס איז געקומען אויףביידע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פערשוואונדען, עס ווייכט זיי דער שלאָף,
אַוועק איז די ליעבע, דער פרידען אַוועק! —
דער שלאָפט נישט פאַר וויהעטאָג, דער צווייטער—פאַר שרעק;
דער שרייט: ס'איז מיין עשרות, מיין רייכטום, מיין גוט!
און יענער: ס'איז טרערען, מיין שוויס און מיין בלוט!
דיאַם, דיאַם, דיאַם, דיאַם!
אויף יענער זייט ים!
רייסט מען זיך שוין ביי די האָהר!

אַלע (כאָר):

מען שלאָגט זיך, מען רייסט זיך,
טראַך-טראַך, טראַך-טראַך! —
נור וואָס איז געוועזען
דער סוף פון דער זאַך?

דער סוף פון די ברידער
פון שרעקליכען הויז?
פערצעהל שוין און ציה נישט
די הערצער אַרויס.

## די ערשטע מאָדיסטקע:

אוי, ס'איז געווען אַ שרעקליכע נאַכט!
איך ליעג ביי דער באָבען אין שויס און איך טראַכט:
„וואָס לעגט זיך דער שאָטען, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט?
וואָס רייסט זיך דער ווינד ווי אַ הונד אויף דער קייט?
וואָס ברעכען די מויערן, וואָס רייסט זיך דער דאַך?
צי הער איך די באָבען, צי בין איך נאָך וואַך?"

איך ליעג ביי דער באָבען אין שויס און איך טראַכט:
„צי זעה איך אין חלום די שרעקליכע נאַכט?
צי הער איך אַ מעשה? צי בין איך דען וואַך?
וואו ברעכען די מויערן? וואו רייסט זיך דער דאַך?
וואו רייסט זיך דאָס הייזעל אַוועק פון זיין אָרט?
הורורו — הורורו — דאָ אָבער דאָרט?"
שטענדיג געקלערט
און קיינמאָל געהערט
דעם סוף פון דער שרעקליכער זאַך!

## אַלע, אויסער מאַדאַם:

דער זייגער שלאָגט! איי, צעהנען שלאָגט,
געענדיגט שוין די מיה!
אַהיים, ווער נור אַהיים פערמאָגט,
אַהיים ביז אין דער פריה!

אין בעט אַריין, אַ בעט ווער ס'האָט,
נור שלאָפען געהט, געדענקט אָן גאָט!
שלאָפען דאַרף די נויט!

מיידליך:

שלאָפען איז אַ פיין געשעפט
מען רוהט זיך אויס! און טיילמאָל טרעפט
עס חלומ'ט זיך — אַ ברויט!
אַח, צעהנען שלאָגט, צום עק די מיה —
גוט-נאַכט, מאַדאַם —

מאַדאַם

קומט מאָרגען פריה!



# יִרְמְיָהוּ׳ס בְּרִיעף.

(אגרת ירמיהו — כתובים אחרונים).

I.

און אין בבל וועט איהר וואוינען,
צווישען פרעמדע פעלקער לעבען,
דאָרט, וואו גאָט האָט אייך פערטריבען,
ביז עס קומט די צייט!

דאָרט אין בבל וועט איהר וואוינען.
צווישען פרעמדע פעלקער לעבען,
און וועט פרעמדע זיטען זעהען,
פרעמדען גלויבען, פרעמדע געטער, —
שרעקט אייך נישט פאר זיי!

דאָרט אין בבל וועט איהר זעהען,
אויף די אַקסעל געטער טראָגען,
שען געשניצטע, פיין געקליידטע —
גאָלד- און זילבער-געצען!

זיי פון פאָרענט לויפט איין עולם,
הינטען לויפט זיי נאָך אַ מענגע;

אַלטע, יונגע, מענער, פרויען, —
שוויינען מוזט איהר, נאָר אין הארצען
לאַכט אייך אויס פון זיין!

זעהט, די צונגען ביי די נעצען
האָט אַ מייסטער אויסגעשלאָגען,
אויסגעשניצט און אויסגעקינצעלט
פון דעם רייינסטען גאָלד!

נאָר פערגעסען האָט דער מייסטער
אויסצולערנען די געשמידטע
צונגען, חאָטש אַ וואָרט!

און געשמאַק האָט אויך דער מייסטער!
אויסגעפוצט האָט ער די געטער,
ווי אַ כלה צו דער חופה, —
קרוינען אויף די קעפ!

דאָך פערגעסען האָט דער מייסטער
און די קעפ אַריינצושלאָגען
שכל, חאָטש אַ פונק!

גאָלד און זילבער האָט דאָס געטעל;
עס בעשטעהלט איהם דאָך דער פריסטער
און פערשווענדט זיין גאָט׳ס פערמעגען,
זיינע קליידער אין די הייזער,
וואו ער דארף נישט זיין!

און וואָס העלפען זיי די קליידער,
גאָלד- און זילבער-פיין געשטיקטע,
אַז זיי קאָנען זיך נישט וועהרען
פאַר דער קלענסטער מילב!

אז מען טהוט זיי אָן די קליידער,
נעמט אַ פערערוויש דער פריסטער,
רייניגט דאָס געטער־פּנים,
ווישט זיי אָב די נעז!

שטאָלץ שטעהט מאַנכער, ווי אַ ריכטער,
אין דער האַנד — אַ בינטעל ריטער, —
מעגסט דאָך שפּייען איהם אין פּנים:
שמייסען קען ער נישט!

אי, נאָך שטרענגער איז דער צווייטער:
אין דער האַנד אַ שווערד אַ שאַרפע
צי אַ שווערע האַק!

ליידער, קען ער זיך נישט שיצען
פאַר אַ גנב, איבערשרעקען
אויף דער וואַנד אַ פליעג!

אַז זיי זיצען אין די טעמפּעל
און די געצענדיענער קומען,
און זיי בוקען זיך און קניען,
ווערט דערפון אַ שטויב;

שפּעטער פאַלט דער שטויב אַרונטער
און פערשוואַרצט דאָס געטער־פּנים,
און פערבלענדט די געטער־אויגען,
און בעשמוצט די קרוין.

פאַר גנבים מוז דער טעמפּעל
זיין פערמאַכט אויף שלאָס און ריגעל;
נישט די געטער שיצען מענשען,
מענשען שיצען זיי!

אָט עס קומט די נאַכט און פריסטער
צינדען ליכטער פאַר די געצען;
העל-בעלייכטע געטער שײַנען,—
עס איז נאָר גאָלד און זילבער גלאַנצען—
דער גאָטאַליין איז בלינד!

און עס הייבען פון דער ערד זיך
אויף די ווערמלאַך, און זיי קריכען
אויף די קליידער פון די געטער,
פון די קליידער אויף די לייבער,—
און זיי שטעהען אונבעהאָלפען
קעגען קליינע ווערם!

און עס פליהען דורך די פענסטער
פעלדער-מייז אַריין אין טעמפעל,
און ווי פראַנק און פריי זיי פליהען,
פון אַ געטער-קאָפּ צום צווייטען,
ס'יאָגט זיי נישט אַוועק!

און די זון זעהט יעדען מאָרגען
פלעדער-מייז-פערשמוצטע געטער,
און זי זעהט אויך, ווי עס קומען
און עס וואַשען זיי די פריסטער,
און זיי פוצען, און זיי שוויצען,
ביז דער גאָט ווערט ריין!

---

II

טהייער זענען דאָך די געצען,
ווייל עס שטעקט אין זיי פערמעגען;

זילבער, גאָלד און מייסטער־אַרבייט —
נאָר קיין לעבען נישט;

מאַלט א קריעג זיך: פרעמדע פעלקער
ווילען לאַנד און פאָלק בעצווינגען;
ווער'ען שיצען זיי די געטער?
ווער'ען געבען הילף?

ניין! עס האפען זיי די פריסטער
און ענטלויפען, און בעהאַלטען
זיך צוזאַמען מיט די געצען
ערגיץ אין א הייל!

טרעפט, עס ברענט אַרוים א פייער
אינ'ם טעמפעל און די פריסטער
רעטען איילינג זיך דאָס לעבען,
און די געצען ברענען,

ווי א מענש פון שטרוי קען היטען
פאַר גנבים פעלד און שייער,
אזוי שיצען אויך די געצען
פעלקער־לענדער, שטעדט!

ווייל די געטער, האָטש זיי זענען
פון דעם ריינסטען גאָלד געגאָסען,
מיט די קליידער און די קרוינען —
ווייל די געטער, האָטש עס קניען
פאַר זיי מאַסען און געגעהנען
זיי קרבנות — ווייל די געטער
איז קיין קלענסטער וואָרם מקנא,
ווייל זיי לעבען נישט!

ווי פאַר טויטע שטעלט מען פאַר זיי
עסען, טרינקען, פעטע פליישען;
דאָס בע'גנב'ענען די פּריסטער
און פערקייפען, און די ווייבער —
זיי פערזאַלצען און בעהאַלטען
אויף אַ שלעכטען טאָג! —.



# רב חנינא בן דוסא.

(אַ תלמודישע זאגע).

---

I.

אַ ווייב האָט געהאַט רב חנינא בן דוסא,
זיין זכות זאָל אונז בייסטייהן, הלואי!
הערט איהר, אַ רייטערקע, אָבער אַ גרויסע,
עס זאָל איהר נישט זיין צו קיין גנאי!

עס פליהען די קללות פון מויל איהר ווי פייגעל:
„חנינא, גיב עסען, גיב שיך!"
וואו זאָל ער נעמען, עס פלאַמט שוין איהר אייגעל,
עס פליהט שוין „אַ רוח", נאָך „אַ רוח"!

„וואָס טויג מיר דיין תורה? דו לערנסט גאָר אַ וואונדער
וועסט קריגען דאָרט שליפּעס און טרעסען!
שלינג און שלאַנג געה איך אַרום מיט די קינדער,
חנינא בן דוסא, גיב עסען!"

אַצינדערט געדענקען עסביידע אין פריידען,
זיי זיצען און קוועלען און לאַכען!
און ר׳ חנינא פערציילט אין גן-עדן:
„זי פלעגט עס גאָר קינציג צו מאַכען!”

---

## II.

דאָס קען מען נישט זאָגען, ליעב האָט זי געהאַט איהם,
זי פלעגט איהם אין ד׳אויגען צו לעזען!
זי האָט געוואוסט שוין, דאָס טויג איהם, דאָס שאַדט איהם—
נעביך, אַ קראַנקער געוועזען!

ער איז געוועזען איהר דאגה די גרעסטע,
געפוצט און געלאַטעט זיך בלינד!
איהם און די קינדער דאָס שענסטע, דאָס בעסטע,
חאָטש זי דאַרף זייגען אַ קינד!

און זי וואָלט געטרונקען זיין ברוד פון די פיס,
די פאות—געגעסען פאַר ברויט!
קוים גיט חנינא בן דוסא אַ היס,
ווערט זי שוין בלאַס ווי דער טויט..

און שטיל ווי אַ טייבעל, זי קוועלט פון זיין צורה!
עס לייכטען איהר די אויגען די גראָהע...
פעהלט אָבער עסען, צי פעהלט אויף אַ דירה,
ווערט זי אַ חיה נוראה!

הייבט נור אָן פישטשען אַ קינד, עס וויל עסען,
קוים הייבט עס אָן הוסטען פאַר קעלט,
האָט זי שוין אין אַלעם, אין אַלעם פערגעסען,
און שרייט שוין, און רייסט זיך און שעלט!

און ציפּט ביי די לאַצען; „חנינה בן דוסא!“
„הערסט?!“ און ווייזט איהם אַ האַנד...
אַ רייטערקע איז זי געוועזען אַ גרויסע,
עס זאָל איהר נישט זיין צו קיין שאַנד!

---

III.

„דער קורצער פרייטיג, הערסט דו, איז מאָרגען,
„דאָנערשטאָג איז היינט, דו הערסט!
„נישט דאָ וואו צו לייען, נישט דאָ וואו צו באָרגען, —
„חנינא, וואָס טויג מיר, דו קלערסט?

דו קלערסט קיין פּרנסה! ס'איז פינסטער מיין מזל;
דיין תּורה, דאָס ווייס איך, ז טייער;
אָבער וואָס העלפט עס דו ביזט אַ שלימזל,
און קענסט נישט פערדיענען אַ דרייער!

אומזיסט איז געוועזען מיין שעלטען און פליכען
דו ביסט נור אַ בריה אין קלויז!
און איך האָב צו טראָגען, און איך האָב צו זייגען!
דאָס פּיערטע וויל אויך שוין אַרויס!

בין איך דיר מוחל, וואָס ד'האָב שוין געליטען,
נור צינדערט, חנינא, גיב ברויט!
הערסט'ו חנינא, איך בעט דיך מיט גיטען,
שטעל דיך פאַר אונז אין דער נויט!

דו קענסט דאָך צום הימעל, צו גאָט אַלע וועגען,
דו האָסט אַלע שליסעל אַליין!
טהוסט אויס אַ שוך, דאָס ווייסט מען, געהט רעגען
דעם צווייטען — דער הימעל איז ריין!

פאַר דיינע אייגענע וועט דיר זיין גרינגער,
פערקרים דיך נור, לאָז נור אַ טרער!
מי׳וועל׳מיר דאָך שטאַרבען אים שבת פאַר הונגער...
אויף שבת! וואָס וויל איך דען מעהר?

זעהסט׳ו, חנינא, איך בעט דיך פריהצייטיג,
וואַרף פון די פיס נור די שקראַבעס;
מאָרגען איז פרייטיג און קורץ איז דער פרייטיג,
וועסט האָבען אַ פינסטערן שבת!

עס וועט דיר נישט העלפען דיין קנאָבעל, דיין קדוש!
חנינא, דיין סוף וועט זיין מאוס!
איך רעד פאַר פייער, פאַר וואַסער. קיין חדוש — — —
חנינא׳שע, בעט חאָטש אַ פוס!

---

IV.

ער קוקט אויף דער טהיר, זי האָט זי פערשלאָסען:
„דו געהסט אָהן אַ פוס נישט אַוועק!“
זי שווערט אויף נאמנות, אַ קינד האָט גענאָסען,
ער מוז, זעהט ער, מאַכען אַיין עק!

פערגלייסט ער די אויגען: „גאָט, טראַכט ער, דו ווייסט,
קיין עצה קיין ראָט האָב איך נישט“...
און קוים האָט חנינא די אויגען פערגלייסט,
עס ליגט שוין אַ פוס אויפ׳ן טיש!

---

# V.

אַ נאַכט איז געווען אַ לאַנגע, אַ גרויסע,
דער פרייטיג דער קורצער שוין טאָגט!
טאַפּט זיך אויף גרינגע: „חנינא בן דוסא"...
זי פאַלט צונ'ם צו און זי קלאָגט!

„אוי, ך'האָב געזינדיגט, צינד פיהל איך די זינד
אַ נאַרישער יודענעס מויל!
דעם קאַלב-פוס גיב אָב דעם הימעל געשווינד.
עס האָט מיך געחלומט — אַ גרויל!

דיין שטוהל אין גן-עדן האָב איך געזעהן,
מיין בענקעלע אונטער דער שטוהל.
פון גינגאָלד, חנינא'שי, איז זי געווען,
מיט טייערע שטיינער גאָר פול!

ז'איז צווישען ד'אבות'ס שטוהלען געשטאַנען,
און צווישען די אמהות מיין אָרט;
איך זאָל מיך ניט קענען גאָר ריהרען פון דאַנען,
זאָג איך דיר ליגענד אַ וואָרט!

נו, הערסט דו, חנינא, וואָס מיך האָט געקוועלט
ד'בין שיער געשטאָרבען פאַר שרעק:
דיין כסא, הערסט, האָט אַ פיסעל געפעהלט.
מיין איך, אַז ס'איז שוין מיין עק!

די אמהות קוקען מיט רחמים און שווייגען,
די שפחות נור שמייכלען גאָר מאוס,

און בלהה און זלפה, זיי ווייזען מיר פייגען:
„ווי פרעסט מען עס אויף אַ פוס!"

דו ווייסט דאָך, חנינא, וואָלט איך, דען געגעסען?
דו און די קינדער!... נור שוין,
גיב איהם צוריק, ד'וויל אַלדינג פערגעסען, —
נאָך איינמאָל פערקרים זיך, מיין קרוין!

זאָל מען נישט טייטלען אויף מיר מיט די פינגער,
אַ טרער לאָז, אָ, מאַך נור דיין שפּיעל!
זאָלען מיר אַלע דאָ שטאַרבען פאַר הונגער,
און דאָרט זאָל נישט לאָמען דיין שטוהל.

# דער יודישער קוועסטאַר *).

(אַ לעבּענדיג בילד פון הילדראַ).

מען זעהט איהם טאָגטעגליך שוין אַ דרייסיג יאָהר
מיט זיין טרויריג פּנים און די פּייַלטע אויגען,
מיט זיין שלאַנקען וואוקס, קיילעכיג געבּויגען,
און דער לאַנגער באָרד מיט פערגראָהטע האָהר;
מען קען גוט זיין קאַפּטאַן, איין גאָט ווייס, ווי לאַנג
ר'איז זיין צווייטע הויט, האַלט זיך ווי עס איז;
און מען קען זיין טריט, זיין וויעגען זיך אין גאַנג,
אויף זיינע, האַלב באָרוויס, געראַניעטע פיס —
ער געהט — נישט פאַר זיך, אַנדערע — זיין ציעל,
חאָטש מען זאַגט שוין לאַנג: אַ יוד איז אָהן געפיהל!

אויף אַלע אונטער-גאַסען איז ער גוט בעקאַנט, —
פון אַ בלאָטע אַרויס אין אַ בלאָטע אַריין,
מיט אַ בלעכענע גרויסע פּושקע אין דער האַנד,
ער קלינגט מיט איהר: „אַ האַלבען גראָשען וואַרפט אַריין!"
דאָך פון גרויסע פּריצים האַלט ער זיך גאָר ווייט,
ער האָט קיין העזה נישט צו בעטען זייער גאָב;

*) קוועסטאַר — אַ זאַמלער פון נדבות.

פאַר געמיינע לייט ביי געמיינע לייט
בעט ער האַלבע גראָשען; קיינער זאָגט נישט אָב.
יודען וואַרפען גראָשען, ער רעדט מיט זיי נישט פיעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד האָט קיין געפיהל!

נאָכדעם זעהט מען איהם אויףביידים און אין קעלער,
וואו ד׳אָרימע נדבות — ער אָרימע צוטיילט! —
וואו נור אַ דלות וואוינט, וואו עס קרענקט אַ פעהלער,
קינדער וויינען ברויט, וואו נאָר הונגער ווייזט,
איין אלמנה שטרעקט נישט פאַר בושה אויס די האַנד,
וואו דער לעצטער פונק פון פרייד איז שוין פערלאָשען,
וואו מען דאַרף יתומים מציל זיין פון שאַנד, —
דאָרטען איז ער דאָ, טיילט שוין האַלבע גראָשען.
ער הערט נישט אויס קיין דאַנק, רעדט מיט קיינעם פיעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד איז אָהן געפיהל!

נאָכדעם זעהט מען איהם פון טיילען געהן צוריק.
אַרבייט זוכט ער צינד, זוכט זי ביי קבצנים;
און ער אַרבייט שווער, ס׳רינט דער שווייס פון פנים,
צי ער שטעהט ביים מיעך, צי ער דרעהט אַ שטריק,
צי שטעהט ער איינגעבויגען אין דרייען ביי די פרעסען
אין דער אָליעאַרניע, ביי קאַפּאַרען קלעמען —
און אַזוי פערדיענט ער זיך אַליין זיין עסען;
פון פושקע, חס ושלום, וועט ער קיינמאָל נעמען!
פון זיין אַרבייט לעבט ער, אַרבייט שווער און פיעל, —
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד האָט קיין געפיהל!

מען זעהט איהם נאָך דערנאָך נאָך האַלבער נאַכט
אין שענק ביי׳ן אַ ספר געבויגען איז דער קאָפּ;
ביי׳ן אַ האַלב ליכטעל, קייט זיין ביסעל באָב,

ער קוקט זיך גאָר נישט אום, וואָס דער עולם לאַכט.
שכור איז דער עולם, חוזק מאַכן לייט,
און טרויריג איז זיין פנים, און די אויגען בענקען!
נור נישט פון דעם לאַכען; ר'איז פון דאַנען ווייט...
ווייט פון די שכורים, ווייט פון אַלע שענקען,
ווייט פליהט זיין נשמה, ציון איז איהר ציעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד איז אָהן געפיהל!

מען זעהט איהם יעדען טאָג, עס קאָן איהם קינד און קייט;
יודען קוקען נאָך, ווייסען ווער עס געהט!
און איבער „הונדערט” יאָהר וועלען זיך אַלע שלאָגען,
ווער עס זאָל די מטה אויף די אַקסלען טראָגען.
און עס וועלען לויפען שוואַרצע, גראָהע בערד,
אַלע וועלען ווייגען, אַלע גיסען טרערען,
און מען וועט איהם שיטען ירושלים ערד,
און עס וועט אַ גייע שורה הייליג ווערען.
מע וועט דאָרט פאַר אַ קבר צאָהלען זעהר פיעל,
חאָטש מען זאָגט שוין לאַנג: אַ יוד האָט קיין געפיהל.

# פריי אוים נאַדסאָן.

.1

קום שוין, קום, אָה, נביא! מיט דער גאַנצער קראַפט
פון אונגליק און פון ליעבע רופען מיר צו דיר;
קוק, ווי שוואַך מיר זענען, מיעד און אָבגעשלאַפט,
ווי שטאַרק עס איז דער פיינד, ווי אונבעהאָלפען — מיר.

עס איז די לעצטע צייט. אָה, ראַטיווע פון שאַנד!
דאָס געוויסען שלאָפט, די נאַכט איז אָהן אַ שטראַהל;
פערלאָשען שוין די בושה, פערבלאָנזיט דער פערשטאַנד,
און די מיטעלמעסיגקייט פרעדיגט איבעראַל!

---

.2

ביסט דו מיין פריינד,
אַהער גיב דיין האַנד!
מיר ווען שטרייטען
און ליידען ביינאַנד!

אויב פיינד, שטעל דיך
פריי און פעסט אַקעגען!
נור אַראָב פון וועג,
אויב ס'איז דיר נישט געלעגען!

---

.3

מיט פערל פון טוי
ציערט זיך אויס די נאַכט...
(אָ! שרעקליכע געדאַנקען
לאָזט אַ רגע אָב!)
אָט אַ פויגעל ריהרט זיך
אין די צווייגען זאַכט...
און אַ פיצעל שטערענדיל
ציטערט, פאַלט אַראָב!

(אָ! שרעקליכע געדאַנקען,
אַ רגע זייט געלאַסען!)
דער לבנה'ס שטראַהלען
ציהען זיך און ציהען
אויפ'ן שטילען טייכעל
און לייגען זיך אין פאַסען —
(טרויריגע געדאַנקען,
לאָזט אַ רגע רוהען!)
ווי שטיל זיי זיך בעוועגען,
ריהרען אויף און אָב...
(אָה! שרעקליכע געדאַנקען,
לאָזט אַ רגע אָב!)

---

.4

זאָגט נישט, אַז ר'איז טויט,
ניין, ער לעבט, ער לעבט!
אָבגעפליקט די רויז,
נור איהר אָטעם שוועבט!
צובראָכען איז די האַרף,
ס'וויינט דאָך דער אַקאָרד!
צובראָכען דער אַלטאַר,
ס'פייער ברענט נאָך פאָרט!

---

.5

מיר האָט זיך גע'חלומ'ט:
מיט אַ גרויסער מענגע
געה איך, דאָך בעזונדער...
געהען געה'ן מיר לאַנג!
פינסטער איז די נאַכט...
אונטען איז אַ תהום,
און דאָס וועגעל — קרימט זיך,
דרעהט זיך ווי אַ שלאַנג

אויפ'ן גלייכען פעלזען,
ווי אַ שאַרפע שמאָל —
און די פלאַקער ברענען.
רייסען אויס אַמאָל

פון פינסטערניש אַ פנים;
עס איז רויה און קאַלט
און, צום שאַרפען בליק,

די ברעמען איינגעצויגען;
צי אַ יונגע סאָסנע
אויפ׳ן תּהום געבויגען
מיט די גרינע צווייגען,
דאַכט זיך — אָט זי פאַלט!

צי אַ שפּאַלט אין פעלזען,
מאָך-בעוואַקסען, שוואַרץ...
און קיין שאָרך, קיין אָטעם,
שטיל! עס ווייסען אַלע,
אַז אַ פאַלשער טריט נור,
שמעטערט מען פון פעלז
אַריין אין טיעפסטען תּהום...
דאָך רוהיג איז מיין האַרץ,

און מיין טריט איז פעסט!
. . . . . . . . . . .

---

6.

ד׳האָב נאָך געזעהן אַ חלום:
אַ שטאָק-טיבע נאַכט,
און אַ ווילדער פעלזען
וואַקסט אין וויסטען לאַנד;
און די שטומע נעפּעל
אויפ׳ן פעלזענס רוקען
גלייך ווי ברייטע ימים
גיסען זיך ביינאַנד...

אויפ׳ן פעלזען שטעה איך,
אונטען איז אַ תּהום,

און מיין שאַרפער בליק
גרייכט נישט ביז צום גרונד ...
נור דאָרטען איז נישט לער,
דאָרטען רוישט און זידט —
און שטימען אַלערליי
טראָגט אַרויף דער ווינד !

עס הערען זיך אין מיטען —
הייזעריגע שרייען,
שוואַכע האַרפען-טענער,
זיפצען פון אַ גוסס ...
עס גיסען זיך צוזאַמען,
וואונדערבאַרע שטימען,
אָט עס קלינגען שווערטען,
קייטען באַלד און בעכער ...

נישט רוהיג איז מיין האַרץ,
און איך שטעה פערשטאַרט.

. . . . . . . . . . .

---

7.

געפעהרליכער אַלס צרות,
חרמות און געיעג,
שרעקליכער פאַר קייטען,
גזלנים און געשלעג
איז די לוסט צום שלום,
עס העלפט נישט קיין פערשטאַנד,—
רייס אויס פון האַרץ דעם פיינד
מיט׳ן האַרץ ביינאַנד !...

עס טהוען וועה די קייטען,
דריקען דריקט די יאָך,
בלומען דאָך אין גאָרטען,
אויף וויעזען, אויפ׳ן פעלד;
און אויסער פרייען ווילען,
פיהלסט דו, קען מען נאָך
זיך אַ גליק געפינען
אויף דער בלומען-וועלט!

---

.8

נור טרויריגע ליעדער,
טרויריגע געדאַנקען,
צי בין איך דען שולדיג?
ס׳איז אַזוי מיין לעבען!
עס בליהען מיר קיין רויזען,
און קיין שמעֵין בלאַנקען —
מען האָט מיר אויך קיין גוטען
חלום נישט געגעבען!

*

איך וואָלט פריילִיך זינגען אפשר אויך געקענט,
נור אין מיין קרענצעל שטעקט אַ שטעכענדיגער דאָרן;
איהם האָט איינגעפלאָכטען מיט אייזערנע הענד
מיין מזל, און פון אַלעם איז שטעכעדיגס געוואָרן.

# דער בעכער.

(פון פרוג).

---

זאָג מיר, מאַמישי, איך בעט דיך,
איז דאָס אמת, וואָס עס האָט
מיר פערצעהלט דער אַלטער זיידע,
אַז אין הימעל דאָרט פאַר גאָט,

אַז פאַר גאָט דאָרט שטעהט אַ בעכער, —
און ווען מיר קוועלען זיך דאָ שווער,
האָט דער גרויסער גאָט רחמנות,
לאָזט אין כוס אַריין אַ טרער?

— אמת, קינד מיינס!
— אַח, מאַמע, מאַמע
איז אויך אמת, איז אויך זיכער.
אַז משיח, ער וועט קומען,
קוים וועט ווערען פול דער בעכער?!

— אמת !

און דאָס קינד פערקלערט זיך,

וואַרט אַ ווייל טרויעריג שטיל,

פרעגט דערנאָכטען : אָבער, מאַמע,

ועט דער בעכער זיין שוין פיל ?

און ער הייבט די בלאָהע אויגען

טרויריג צו דער מוטער אויף :

„צי איז אָהן אַ דנאָ דער בעכער,

וואָס מיר ליידען אָהן אַ סוף ?

ווי-לאַנג מיר ליידען שוין אין גלות,

און דער כוס וויל פול נישט ווערען !

אפשר טריקענען דורך די יאָהרען

אינ׳ם בעכער אויס די טרערען ?

און צורודערט בלייבט די מוטער

איבער׳ן פרומען קינד געבויגען,

און עס ציטערן די ברעמען ...

פון די מוטערליכע פייכטע אויגען,

פאַלען טרערען — צוויי בריליאַנטען

אויפ׳ן קינדס פערקלערטען שטערען !

. . . . . . . . . . . . .

גאָט אין הימעל, האָב רחמנות,

נעם אין כוס אַריין די טרערען !

# אַסצענע.

(אוים היינע).

(די זון, דער דיכטער, אַפּען, פּרעַש, מויל־וואורפע און אַגליה־וואָרים).

---

די זון:

וואָס געה׳ן מיך דיינע אויגען אָן,
אַז איך טהו מיין רעכט?
שטראַהלען מוז איך, יאָ—איך מוז!
אויף הערר און קנעכט!

וואָס געהן מיך דיינע אויגען אָן?
דו — טהו אויך דיין זאַך! —
נעם אַ ווייב דיר, האָב אַ קינד,
מיך נור לאָז געמאַך!

שטראַהלען מוז איך, יאָ, איך מוז,
ד׳קאָן נישט געהן צוריק! —
און וואָס אַרט דיך, אַז איך וואַרף
אַמאָל אַראָב אַ בליק?

## דער דיכטער:

אָט מיט דעם האַלט איך מיך גרויס,
וואָס איך לייד דיין בליק!
שענהייט זעה איך נור אין ליכט
און אין פלאַמען — גליק!

צונדערט בין איך, ליידער, שוואַך,
האָסט מיך מיעד געמאַכט!
אויף די מיעדע אויגען פאַלט
שווער אַראָב די נאַכט!

## די אַפּען

(כאָר):

מיר אַפּען, מיר אַפּען,
מיר קוקען און גאַפּען
אַרויף צו דעם ברענער, צום אַלטען!
ער קען אונז נישט שטערען,
ער קען זיך נישט וועהרען,
ער קען זיך פאַר אונז נישט בעהאַלטען.

## די פרעש:

אין וואַסער איז נאַס
און גוט, אָהן אַ שפּאַס!
עס לעבט זיך דאָך בעסער און פרייער!
וער ווייסט פון אַ קוואַל?
עס דעמפּט זיך די שטראַהל,
עס קיהלט זיך דאָס העלישע פייער!

נישט מיט אַזאַ כח
שלאָגט דאָ שוין אין מח
דער מערדער, דער הימלישער ברענער,
שטיל לעבט זיך און — שאַ!
קוואַ — קוואַ, קוואַ — קוואַ!
אין זומפּעל איז בעסער און שענער!

דער מויל-וואורף:

לא היה ולא נברא! אין הימעל זאָל ברענען
אַ גאָלדענע שיסעל!
טהיילמאָל דערפיהל איך אַ ביסעלע וואַרים
און קראַץ מיך אַ ביסעל!

דער גליה-וואָרים.

זעה נור די גרייס! ווי זי פלאַמט אינ'ם ראָד!
און ברענט אין די אויגען, מען שוויצט, ווי אין באָד!
זעה נור דאָס גרויסקייט, די פראַכט!
פיש! איך בין אויכט אַ ליכטיגע זאַך,
און ברען נישט די אויגען, און פראַהל נישט קיין סך,
און לייכט מיר גאָר שטיל ביי דער נאַכט!

# אַ ליטעראַטור-סצענע.

(געווידמעט טייל יונגע ריכטער).

(אַ וואַלד. אַ שטיבעל ביים וואַלד. אַיין אויסגעשטערנטער זומער-אָווענד. אויפ׳ן הימעל מעג זיך בעוויזען אַ וואָלקען, אפילו אַ שוואַרצער, נאָר פון אַ זייט, פון ווייטען. עס בעווייזען זיך: פרוי פובליקום און דער יונגער פּאָעט, די איינציגע פערזאָנען פון דער סצענע. דער פובליציסט, כאָטש פרוי פובליקום רעדט פון איהם, בעווייזט זיך נישט. פרוי פובליקום געהט פון וואַלד אַרויס צום שטיבעל צו מיט אַ פולער שירץ שלאָף-עפּעל. פון אַ זייט, געהענדיג צום וואַלד, קומט אָן דער יונגער פּאָעט. זיי זענען ביידע פערטראַכט און זעהען זיך נישט, ווי דער שטייגער איז אויף דער סצענע. צו דער רעכטער מינוט ווילען זיי זיך דערזעהן.)

---

## פרוי פובליקום

(מיעד):

ס׳פלעגט זיך שלאָפען גאָר גישט שלעכט
גאַנצע נעכט!
און בייטאָג
פלעגט זיך חאַפּען אויך אַ דרימעל —
נאַ דיר, נאַ! — אַ שטראָף פון הימעל,
אַ נייע פּלאָג!
חאַפּט זיך אַריין אין קוימען אַ גריל, —
קיין רגע שטיל! —
גרילט און וועקט,
פּישטשעט, שרעקט:
גנבים ביים שלאָס.
גזלנים מיט העק אין די הענד
ברעכען איין די ווענד!
אָדער גאָר: עס ברענט!...
אַזאַ פערדראָס!
און ווי דאָס הייסט!
„פובליציסטען-גריל!"
און פרעג זי, וואָס זי וויל,
אָסור, אויב זי ווייסט!
און עס העלפט קיין מיטעל!
ווי איך בין נישט אָרים,
צום גוטען יוד אַ קוויטעל,
אויף מאיר בעל-הנס אויך אַ גילדען צוויי,
היינט פון אַפּאָטייק פולווער אַלערליי —
און אַלץ אומזיסט!

(שלאָגט זיך אָן מיט׳ן פּאָעט, שפּרינגט אָב)
און דו ווער ביסט?

פון שטוב און גאַס.

## דער פּאָעט

(שפּרינגט אויף אָב):

פּאַרדאָן! איך — דער פּאָעט!

## פרוי פּובליקום

(בייז):

„פּאַרדאָן איז אַ לאָקשען-ברעט!...
וואָס איז דיין געשעפט? ענטפער, נור פלינק,
צי ביסט דו נישט קיין גריל?

## דער פּאָעט:

איך זינג!

## פרוי פּובליקום:

(בעטראַכט איהם נייגיריג, בארמהערציג):

און שלעפּט זיך ווי אַ שאָטען,
אין דער האַנד די האַרף...
און די גרויסע אויגען
ברענען ווילד און שאַרף.
און דער קאָפּ — צושויבערט,
די ליפּען — בלאָנע-בלאָה — —
וואָס האָט עס דיך געטראָפען
אין אַ בייזער שעה?

צי האָסט דו נאָך קיין ביסען
אין מויל געהאַט די וואָך?
זאָג, איך בין קיין מילדע,
העלפען קען איך דאָך!

ר׳האָב אין שטוב אַ ברייטעל,
קום און בייס אַריין...

דער פּאָעט

(שטאָלץ):

המ... איך לייד קיין הונגער...

פרוי פּובליקום:

ביסט נישט הונגעריג? ניין?
נו, האָט דיך אַ מיידעל
געוויס געמאַכט צום שפּאַס...
דעריבער קלעמט דאָס הערציל,
און דאָס אויג איז נאַס.
קאָנסט אָהן איהר נישט לעבען,
דאַכט זיך דיר אַצינד...
הונדערט רויטע בעקליך;
דו ביסט פאַרבען-בלינד!...
איינע איז געוועזען...
עס איז דאָס האַרץ פערלאָפען...
וואָס? שאָקעלסט מיט׳ן קאָפּ
ניין? נישט געטראָפען?
וואָס דען-זשע, זאָג, בעטייט
דיין פּנים מיט׳ן חורבן?!
וואָס דען איז געשעהען? —

(נאָך ווייכער):

איז דיר ווער געשטאָרבען?
אַ פאָטער צי אַ מוטער? —
אַלץ נאָך — ניין און ניין?
אפשר אַ געליעבטע?

(דער פּאָעט גיט דעם זעלבען צייכען אויף נישט. — פּרוי
פּובליקום בייזערט זיך):
דאָך נישט דו אַליין?!

(מעסיגט זיך, גיט זיך אַ קלאַפּ אין שטערן):
אַהאַ, נו איך פערשטעה!
דו ביסט פון יענע לייט!
אויך אַ נייער פויגעל
פון דער נייער צייט!
מיט אַ ניי געזאַנג,
אַ ביטערס ווי די גאַל...
צי בעוויינסט דו זיך,
צי בעקלאָגסט דעם כלל?
צי די זויערע אַרבייט
מיט'ן שוואַרצען ברויט...

(שטאַרקער געריהרט):
און אפשר גאָר די יודישע
טאָפּעלט שווערע נויט?!
ניין?
אַלץ נאָך ניין און ניין!

(בייז):
צו אַל-די שוואַרצע יאָהר!
האָסטו בלאַט געגעסען חריין,
אָדער ציבעלעס אַ פּאָר?;
און גאָר...
און דאָס רינגען דיר די אויגען...

ד ע ר  פ אָ ע ט

(בעליידיגט):
נישט געשטויגען נישט געפלויגען...

י. ל. פרץ.

פרוי פובּליקום.

(אויסער זיך):

וואָס דען? מיט דער צונג אַרויס, נור פלינק!
ס'איז פון דער הויט צו שפרינגען...

דער פּאָעט:

רעדען קען איך נישט, נור זינגען —

פרוי פובליקום

(פעראינטערעסירט):

מהיכי-תיתא, זינג!

דער פּאָעט

(דעקלאמירט):

צי דער טאָג איז העל,
צי די נאַכט איז שוואַרץ,
שאַרפע נעגעל האָב איך,
קראַץ איך מיר אין האַרץ!
קראַץ מיר וואונדען אויס —
די נעגעל זענען שאַרף...

פרוי פובליקום:

אָבער נאָך וואָס? צי וואָס?

דער פּאָעט

מען בעדאַרף.

(דעקלאמירט ווייטער):

עס רינט דאָס בלוט פון האַרץ,
פאַרבט די וועלט מיר רויט —
און איך זינג מיין ליעד,
מיין בלוטיג ליעד פון טויט!
עס קרעכצט מיר צו דאָס האַרץ —
קרעכצען מיר ביינאַנד...

## פרוי פובליקום:

משוגע צי מטורף?
צי גאָר אַ קאָמעדיאַנט?

## דער פּאָעט

(בעליידיגט):

דיר איז דאָס לעבען זיס,
מיר ווי פּיאָלון ביטער —
הער מיין שרעקליך ליעד,
אַלטע, הער און ציטער!

(נעהמט אָב אין אַ זייט, מאַכט אַ טראַגישע מינע, די ריכטיגע פּויזע און דעקלאַמירט):

פּלאַץ, הימעל, פּלאַץ,
צוזאַמען מיט דיין שיין,
מיט לבנה, שטערען!
צושמעטערט זאָלט איהר ווערען
דאָ אויפ'ן פּלאַץ!
און אויך צושטערט
זאָל ווערען די ערד! —
מיט אַלץ וואָס לעבט

און שווימט, און שוועבט,
איבערגעקעהרט!...
אַלץ וויל איך פערדאַרבען,
צוברעכען ווי שאַרבען —
ווייל איך וויל שטאַרבען...
שטאַרבען, שטאַרבען!

פרוי פובליקום

(צאָרניג):

האָ! דאָס איז שוין געמיין!

(רופט איהם גאָך):

הער נור, יונגער שנעק!
ווילסט שטאַרבען, שטאַרב אַליין,
דאָ אויפ'ן פלעק!
נאָך וואָס שרייען, שעלטען?
וואָס אַרען דיך די וועלטען? —

דער פאָעט:

שטאַרבען, שטאַרבען, שטאַרבען!

פרוי פובליקום

(אויסער זיך):

נור ברעך ווי אַ שאַרבען,
פּלאַץ ווי אַ פאַחיער, ווי אַ זייפען-בלאָז!...

פון שטוב און גאַס .

וועלטען שמעטערן נאָך וואָס ?

(אָבגעקיהלט , איראָניש) :

באַ , אַז איך האָב קיין גאָז
צו דעם געשטאַנק !
עס טהוט מיר באַנג
די צייט, וואָס כ'האָב פערבראַכט ,
אַ האַלבע נאַכט ...
טפוי ...

(געהט אַריין אין שטוב , פערפראַלט די טהיר . דער פּאָעט פערשווינדט אין וואלד , עס הערט זיך—די גריל .)

* *
*

איך געה אַרום אין פרעמדען וואַלד.
עס לייכט די זון, דאָך מיר איז קאַלט.
זינגען וויל איך, מיין געזאַנג
ווערט פערשטומט אָהן ווידערקלאַנג!

עס איז קיין פרייע ליעבע וועלט,
עס גרינט און בליהט דאָס פרעמדע פעלד;
איך רייס אַ בלום און לייג אין שויס, —
אַח, מיך שטעכט די פרעמדע רויז!

* *
*

וואָס איך וויל פון דיר?

אין די וויסטע לאַנגע נעכֿט,
ווען דער גראָהער וואָלקען
טריפט מיט פייכֿטער קעלט
אויף דער גראָהער ערד...

און די נשמה — גראָה,
מיט פייכֿט-גראָהע שאָטען דורך און דורך געוועבט,
אין פוילען פיבער פערציטערט,
קען זיך קיין ליכֿט נישט דערמאַנען,
און קיין הימעל, קיין צושמייכֿעלט בלאָהעם...
ווען ס'דאַכֿט זיך: אויף אייביג שוין
איז די זון פון אונזער וועלט פערשוואונדען,
און פון לעבען,
און פון חלום איבער לעבען,

בלאַסע קינדער וועקען זיך
פון קראַנקען שלאָף,
ליגען מיט שטאַר געעפענטע אויגען און פרעגען: —
מאַמע, איזווירקליך געווען אַמאָל אַ טאָג,
האָט ערגיץ ווירקליך אַמאָל אַ זון געשטראַהלט?
אָדער דו האָסט עס אויסגעטראַכט,
אַ מעשה׳לע פערציילט...
גאָט האָט קיינמאָל קיין זון נישט בעשאַפען,
און עס איז קיינמאָל קיין טאָג נישט געווען...

אָ, דעמאָלט קום
און הייב די שווערע ברעמען אויף;
און גלויבען גיב
אין ליכט, אין טאָג.

* *
*

וואָס איך וויל פון דיר?
ווען דער טויט פערשפרייט
זיינע ווייסע פליגעל איבער באַרג און טאָל...
די אויסגעבלייכטע נשמה, אָהן קלאַנג און פאַרב,
אָהן האָפנונג און פרייד,
פריהרט ביז׳ן טיעפסטען און ציטערט...
און פערשנייטע הערצער קלאַפּען שטיל, שטיל,
שטערבליך מיעד און ווי פערסמ׳ט...
און דאָס בלוט אין ד׳אָדערן קיהלט;
און שווער ווי בליי פאַלען די ברעמען
איבער מיעדע ווייס־אָנגעזאַפּטע אויגען,
און בלאַסע, ווייסע ליפען ציטערן, פרעגען:
האָבען ווירקליך בלומען אַמאָל געבליהט?
האָבען ווירקליך רויזען אַמאָל געשמעקט?

און גרינע גרעזליך האָבען געשפּראָצט?
און אונטערן בלאָהעם הימעל
גאָלדענע זאַנגען זיך געוויגט?...
אָדער דיכטער האָבען איינגעוויגט,
מיט חלומות וועגען פאַרבען,
און מיט טרוימען וועגען בליהען
די הערצער-מיעד...

. . . . . . . . . . . . .

אָ, דעמאָלט, דעמאָלט קום צו מיר,
זאָל דיין אָטעם אָן רויזען דערמאַנען...
און איך וועל פיהלען און גלויבען,
און געהן אַרויס צו דער וועלט מיט אַ בשורה:
פערהאַן! פערהאַן!

*  *
*

און אין מיין לעצטער מינוט...
אָ, דעמאָלט קום צו מיר!
איידער עס ברעכט דאָס אויג,
ריך וויל איך די לעצטע זעהן,
און נעמען מיט אַהין דיין בילד
אויף אייביג שוין...

י. ל. פרץ.

## פון ישעיהו.

פון אדום ווער קומט עס,
פון בצרה ווער גייהט,
מעכטיג די טריט,
גערייטעלט דאָס קלייד!

— איך דער פערגעלטער
און העלפער אין נויט!

— וואָס איז דיין קלייד אַזוי
פלאַמענדיג רויט?
האָסט'ו געטרעטען
וויין אין אַ קעלטער?

— געפאַרבט איז מיין קלייד
פון בלוטיגען וויין;
אין קעלטער געטרעטען
און — איינער אַליין!

פול איז דער קעלטער,
און איך בין נור איינער;
די פעלקער גערופען,
געקומען איז קיינער!

האָב איך מיין אָרים
צו הילף מיר פערבעטען,
מיין גרימיגען צאָרן, —
און פעלקער געטרעטען,

ווי טרויבען אין קעלטער,
איך איינער אַליין!

און ס'טריפען די קליידער
מיט בלוטיגען וויין!

איהר ווייסט — מן הסתם —
די וועלט איז אַ ים,
מיר זענען פיש;
(טייל זענען העכט,
שלינגען ניש׳-שלעכט...
זאָגט, אפשר ניש׳?)

די וועלט איז אַ ים,
ברייט אָהן אַ שיער;
די פיש זענען מיר,
די פישער איז ס״ם 1)

* *
*

ער האָט זיך אַלס פישער
ביי׳ם לעבען געשטעלט!

---

ס״ם: ראשי תיבות (איניציאַלען) פון סמאל, דעם שר פון גיה

די תאוה — דאָס ווערמיל! —
פיהרט איבער די וועלט?

עס חאַפּט וואויל די אַנגעל
אַ פיש נאָך אַ פיש;
עס דאַכט זיך אַ ווערמיל —
אַ בליק נאָר, אַ קיש...

נאָר באַלד נאָך'ן ווערמיל
געהט — האַקען און שטריק;
גענקט מיט'ן לעבען,
אַ סוף פון'ם גליק.



און יעדערער ווייסט עס,
און יעדערער קען איהם,
דעם שמד'ניק, דעם שטן,
דעם שר פון גיהנם;

און זעלטען איז עמיץ
בעשירמט און בעהיט...
אָט, אַייך צו וואָרענען,
זינג איך מיין ליעד!



ס'אי' געווען אַמאָל אַיין עלוי,
נישט געקענט די וועלט אפילו
נישט געווען אין קלאַס,
פרום דער טאַטע, פרום די מאַמע,
די משפחה — לומדים סאַמע,
גאָר פון עקסטען פאַס!

סאַמע גאונים און למדנים,
ניט אַיין „אלף-בית רבנים",
ס'קלינגט מיט איהר די וועלט;
און מבינים גרויסע זאָגען:
זיי וועט אַלע איבעריאָגען,
מאָניש אונזער העלד!

מאָניש איז אַ וואוילער יונג,
ר'האָט אַ קעפּיל פייער פלינק,
אָנגעפילט מיט תורה!
טרעפט אויך באַלד אַריין אין קאַרב,
מעג דער רמב"ם זיין ווי האַרב,
און דערצו נאָך אַ בעל-קורא!

און אַ שענער יונג — אַ פראַכט,
שוואַרצע לאָקען ווי די נאַכט,
קאַרמען ליפּען — רויזען צוויי!
שוואַרצע ברעמען ווי די בויגען,
ווי דער הימעל בלאָהע אויגען,
און אַ פייער ברענט אין זיי!

יעדעסביינדיל אין איהם לעבט,
און ער געהט נישט, נאָר ער שוועבט;
אָנצוקוקען איז אַ פרייד!
מיידלעך ווערען רויט און בלאַס,
אַז ער ווייזט זיך אויף דער גאַס,
אַז דער שענער מאָניש געהט!

ד׳יונגע רבי׳צין אין חדר
זיצט אַ גאַנצען טאָג כסדר,
הערט, מ׳כלומר׳שט, ווי מע׳קנעלט!
ס׳לויפט די יויך, די מילעך ברענט,
און זי זיצט פערלעגט די הענד,
קוקט אויף מאָניש׳ן און קוועלט!

און דער שכנה — שיינע האָדעל,
פאַלט פון האַנד אַרויס די נאָדעל,
לאָזט זיך אונזער מאָניש הערען!
עס פערפעהלט איהר אָטעם, דאָכ׳,
און עס גיט אין האַרץ אַ שטאָך,
און — עס קאַפּען הייסע טרערען...

•

*

דאָך — ווי גאָלד איז אונזער מאָניש,
פון דעם אַלעם ווייסט ער גאָר-ניש׳;
שטן, ביסט געפּלעפּט!
ער האָט ליעב אַ בלאַט גמרא,
ער האָט חשק צו׳ן אַ סברא,
„שור שנגח את הפרה“,
דאָס איז זיין געשעפּט!

---

געלעבט האָבען דעמאָלט
נאָך ד׳אַלטע בעלי-בתּים,
מיט מעשענע ברילען
און זילבערנע בתּים.

גאָלד׳נע עטרות
און אײַזערנע מחות;
אַנדערע יאָהרען
נאָר אַנדערע כּחות.

פול ס׳בית-המדרש
מיט קאַרפּענע קעפּ!
מען לערנט נאָך אין פּאָליש,
מען זיצט אויף די טרעפּ,

עס ווערט נישט פאַר חצות
קיין ליכטעל פערלאָשען;
אין פּראָזשבעס צו רענדליך:
און תּורה מי׳גראָשען!

און דעמאָלט האָט מאָניש
אַלס עלוי געשמ׳ט;
די גרעסטע רבנים,
פון ווייט, פון דער כּרעמד:

דער פּטיש 1) פון לאַשטשעוו
דער „סיני״ 2) פון קאָזיץ,

1) א האמער. 2) דער בארג סיני.

דער מאור הגדול 1)
פון קליין-מאַזעלבאָזיץ 2),

זיי קומען אַמישנע
פערהערען דעם עלוי!
און טאַנצען פאַר שמחה:
„אַתחלתא-דגאולה״ 3)

— „וואויל איז דעם טאַטען, וואָס האָט אַזאַ זוהן,
וואויל איז דער מאַמען וואָס וועט׳ן ערציה׳ן,
וואויל איז דעם דור, וואָס איהם פערמאָגט!
אין משיח׳ס צייטען ווערט אַזוינס געבוירען!
אָה, ירושלים, עפען דיינע טוירען!״
דאָס האָבען אַלע רבנים געזאָגט!



## ב.

אויפ׳ן באַרג ארוט
אויפ׳ן הויכען באַרג
וואָס טראָגט דעם אייביגען
שניי אויפ׳ן קאַרק.

אויפ׳ן באַרג אַררט —
לויט עס איז בעשריבען —

1) דער גרויסער לייכטער — די זון דאָס אַלץ זענען טיטולען פון גרויסע רבנים. 2) „מאָדלע-באָזיצע״ א פויליש שטעדטיל.
3) משיח׳ם צייטען.

איז מיט דער תיבה
נח שטעהן געבליבען,

און איז אַרויס פון קאַסטען
מיט שם חם און יפת,
און מיט אַלע חיות,
בהמות און עופות...

און זיי אַלע זעהען
מיט ד׳אייגענע אויגען,
ווי ס׳הענגט אין הימעל
גאָט׳ס פאַלענבויגען!

און הערען גאָט׳ס שבועה:
„דאָ שווער איך דיר, וועלט!
עס וועט דיר נישט פעהלען
קיין היץ און קיין קעלט!

האָטש רצח׳ע און הרג׳ע,
האָטש גנב׳ע און מסר,
איך וועל דיך נישט טאָפּיען
שוין קיינמאָל אין וואַסער!"

געטאַנצט האָבען חיות,
חם האָט געלאַכט,
נח האָט די ערשטע
כוס׳ע געמאַכט,

---

געשטאָרבען שוין אַלע...
אַ פעקיל מיט יאָהרען!

עס שטעהט דאָך די תּיבה
ביז היינט לזכּרון

דאָרט אונטער די שנייען;
און ס׳הענגט אויף דער וואַנד
עד היום דער צהר
דער גרויסער בריליאַנט.

און דאָרט, אין דער תּיבה,
אין שנייען און פרעסט,
דאָרט האָט זיך סמאל
געפלאָכטען אַ נעסט.

און געגען דעם צהר
קעמט אַל׳ אין דער פריה
לילית די גאָלדענע
לאָקען זיך צו.

זי קעמט זיי און קרייזעלט,
און פלעכט זיי קאָקעט,
און סמאל ליגט זיך
און רייכערט אין בעט;

זיי שמועסען פערטרויט
פון דעם און פון יענעם,
ווען צו פאַקען
אַריין אין גיהנם;

ווען צו שמייסען
מיט אַייזערנע ריטער,

ווענזען צו פרעגלען
צום פרישטיק אויף פוטער;

---

ז'אַ שיינעם מאָרגען
קלינגעלט עס שטאַרק
עס ציטערט די תיבה,
עס צאַפּעלט דער באַרג,

עס שפּרינגט שיער סמאל
אַרויס פונ'ם בעט,
„העריין"! עס בעוויזט זיך
דערשראָקען אַ ייד.

---

מיטגעבראַכט האָט ער
איין עקסטראַ-„ראַפּאָרט",
קוים וואָס ער שלוקערצט
אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט; —

— „אַח, גרויסער כּלך!
עס ציטערט דיין טראָן...
— וואָס איז געשעהן?
געשווינד, הער באַראָן!

— „אין קעניגרייך פּוילין,
האַרט ביי דער גרעניץ.
ליעגט זיך אַ שטעדטעלע
גרויס ווי אַ געניץ.

הין קוים וואָס מען זעהט עס,
מען הערט עס אויך זעלטען;

הייזליך ווי ניסלעך,
פון שמות געצעלטען...

אין גאַנצען אַ צעהנדליג,
צו צעהלען אויף פינגער!
עס בייסען די ציגען
די דעכער פאַר הונגער!

און שטיל ווי אַ קברות;
מענשען ווי מתים.
קיין גאוה, קיין תאוה,
מע' לעבט פון תעניתים;

קיין חסידים, קיין דייטשען —
האָט תורה אַ קיום,
וואַקסען רבנים,
מע' פאַשעט עלוים...

צינד וואַקסט נאָך אַ גאון!
וואָס וועט נאָך פערשעמען
גאַנץ פוילין און ליטאָ,
און זאַמוט און בעהמע;

און לאָזט דו איהם וואַקסען,
און לאָזט דו איהם פריי,
ביזט דו — חלילה! —
הוד מלכות, פערביי!

האָסט דו פערלוירען
גאַנץ פוילין און ליטאָ...
איז — חס ושלום! —
אַיין עק פון נישט גוטע;

וועט ער אונז יאָגען
מיט שרעקליכען האַס,
און ברענגען משיח'ן —
חלילה וחס! —

---

דער ימח-שמו
ווי ר'האָט עס דערהערט —
איז איהם די שמחה
געוואָרען געשטערט.

ליעגט ער און טראַכט,
טאָג אַזוי נאַכט,
און רייבט זיך, און רינצעלט דעם שטערען:
— ג'וואַלד! לילית קרוין!
אַיין עצה גיב! שוין!
אַזוינס קען די וועלט איבערקעהרען!

— די נוס איז האַרט!
נור, מיין מאַן, וואַרט,
זי קנאַקט דאָך אונטער די צייהן,
נצחון איז זיס!
גרייט אָן די שפּיס,
דער בראָטען וועט קומען אַליין

---

אָ גאָט, האָב רחמנות,
זיי זוכען נקמה!
האַלט, יודען, תּענית
פאַר דער נשמה!

עס שווינדלען די אויגען ,
  הייס ווערט און קאַלט...
זי הענגט אויף אַ העהריל ,
  אָט, אָט, אָט, זי פאַלט !
אָט פאַלט פונם הימעל
  אַ ליכטיגער שטערן ;
אָט וועט אין גיהנום
  אַ שמחה שיין ווערן !

ג.

טראַ-ראַ-ראַ , טראַח !
  וואָס איז געשעהן ?
צי האָט נישט דאָרט עמיץ
  משיח'ן געזעהן ?

ווען בלאָזט מען שופר ?
  דאָך אלול נישט תמוז !
צי איז ער משוגע
  געוואָרען , דער שמש ?

וואָס בלאָזט עס און פייפט ,
  וואָס דונערט און קנאַלט ?
צי פלאַצען די דעמבעס
  און סאָסנעס אין וואַלד ?

עס פייפט און קנאַלט ,
  עס זעצט און עס קנאַקט...
עס יאָגט אַיין עקסטראַ-
  פּאָסט פון טראַקט !

אַח , ווער האָט אַזאַ
  קלינגען געהערט ?

עס פליהען ווי רוחות
נאַשפּיץ די פערד!

עס קלינגען די גלעקליך
וואָס אַמאָל פרייער!
עס שפריצען די פּאָדקאָווים
פונקען און פייער,

עס שלענגעלט זיך, קנאַקט
אָהן רחמים, די בייטש!
מען שטעהט מיט אָפענע
מיילער: וואָס טייטש?

---

צוזעהען דאָס וואונדער
זענען אַרויס
קראַנקע פון בעטען,
לומדים — פון קלויז,

קינדער פון חדר —
איינס אין דער מיט,
אין האַנד די תּחתּונים —
פון אונטער דער רוט.

דאָרט לויפט אַ שוחט,
בלייך ווי די וואַנד,
אַ נישט דערקוילערטער
האָהן אין דער האַנד.

ער האָט אין מיטען
דאָס פייפען געהערט,

און — במקום דעם האָהן —
דעם חלף — אויף ד'ר'ערד.

און פליהט אויפ'ן רב'ל
אַרויף ווי אַ קויל
אַריין מיט'ן חוטם 1)
אין אָפּענעם מויל!

און דאָ לויפט אַ טויבע
און ברעכט זיך די הענד:
„שרייט, יודען, העכער —
יודען, וואו ברענט?"

---

אויסנעלאָזט-האָט זיך
די מעשה גאָר פּראָסט:
אַ דייטש איז געקומען
פון דאַנציג מיט פּאָסט!

מיטגעבּרענגט האָט ער
נאָר אוצרות מיט געלד;
געהן ווערט אַ מסחר!
זיין ווערט אַ וועלט!

און גאָט האָט דאָס שטעדטיל
מיט מחיה בעגליקט,
ער האָט זיי פון הימעל
אַיין אוצר געשיקט:

---

1) נאָז.

עס האַנדעלט דאָס דייטשעל
מיט כל ערליי תבואות,
און צאָלט אַלץ אין באַרען!
און מאַכט גישט קיין שדיות!

אַלץ ווערט מיט גאָלדענע
רענדליך געוואויגען,
דעם סוחר ווערט פרעהליך
און ליכטיג אין ד׳אויגען!

הייבען אָן האַנדלען
די שוחטים... דיינים...
עס לויפען, עס קויפען
מלמדים, בטלנים...

אַז אַלעס איז סחורה,
פון פאָרשום — אַ רעגען!
און פויערען מיט פוהרען
פערלעגען די וועגען!

און אַלץ איז אַ סחורה,
געקויפט און געשטעלט!
שיטען אָן יודעלעך
פעסליך מיט געלד

אַח, ווער געדענקט
אַזאַ גאָלדענע צייט?
מען טראָגט אין דער וואָכען
נור אַטלעס און זייד!

און חתונות מאַכט מען
טאָג-טעגליך כּסדר:
בעוואָרפען די שניידער
מיט חתונה-קליידער.

עס זענען אָהן הענד שוין
די קלעזמער געבליבען,
די חופּה צוריסען,
די שטאַנגען צוריבען,

עס האָט שוין דער בדחן
קיין כּח צו לאַכען;
מען קריגט שוין קיין וואַקס נישט,
הבדלות צו מאַכען:

לעקען פאַר ברויט-שטאָד!
און ניס, פּאָמעראַנצען! ...
עס קאָכט ווי אַ קעסעל
דאָס שטעדטיל אין גאַנצען!

---

נור דער דייטש האָט מיטגעבראַכט
אַ בת יחיד׳לע אַ פּראַכט:
גאָלד׳נע לאָקען ביז די פיס!
אויגען בלישצ׳ען ווי די שטערען,
און אַ קול — אַ פרייד צו הערען!
און אַ שטימע — צוקערזיס!
און זי געהט נישט, נור זי שפּרינגט,
און זי רעדט נישט, נור זי זינגט,
פריילאך, לוסטיג טאָג און נאַכט!
און לאָזט אַרויס איהר קול מאַריע

העלפט דאָס גאַנצע הויז איהר צו,
קנאַקט פאַר לאַכען, ווען זי לאַכט!

חאַ! חאַ! קלינגט עס ווי אַ גלאָק!
יעדעס שטיינדעל, יעדער טשוואָק,
וואַנד און דאַך! דאָס הויז אין גאַנצען!
עס לעגט די נאָהל אַוועק דער שוסטער,
און דער מאַרשאַלעק דער וויסטער
האַפּט זיין „גרונע" טאַנצען!

דער שמש איז אַ פּעסימיסט,
און—אַ'ך-לעבען—נישט אומזיסט,
מיט אַ שלאַנג איז ער געזעסען!
און לאַכט מאַריע, נו, לאַכט ער מיט,
און לאַכט פון האַרץ, געזונד און גוט,
„קול באשה"? — גאָר פערגעסען!

און אַז מאָניש געהט כסדר
יעדען מאָרגען פריה אין חדר,
בלייבט ער שטעהן ביי'ם טויער...
דעמאָלט זינגט אַ פראַכט מאַריע,
און איהר טרעלען-מעלאָדיע
דרינגט איהם טיעף אין זויער!

עס דרינגט אַריין אין האַרץ איהם טיעף!
און אויפ'ן אייגענעם מאָטיוו,
מיט דער זעלבער מעלאָדיע,
זינגט דערנאָך ער די גמרא,
און איז מטעים יעדע סברא,
דרייט נאָך מיט'ן פינגער צו!

נאָר אַ שווייס ליגט אויפ׳ן שטערען,
און די אויגען — פייכט פון טרערען,
און דאָס פּנים בלאַס, ווי קרייד.
דער רבי זיינער זיצט פערצוקט,
ס׳שטעהט די רבי׳צין און קוקט:
„אוי, ווער ווייסט, וואָס דאָס בעטייט!

* *
*

דער פאָטער — פערנומען,
אין אַלעם פערגעסען;
אין דער היים — זעלטען
אַ שבת געזעסען.

עס זעהט דאָך די מוטער
ווי מאָניש פערשווינד;
זי שרעקט זיך און פרעגט איהם:
וואָס איז דיר מיין קינד?

וואָס לאָזט זיך דיין קול
אַזוי וויינענדיג הערען?
וואָס האָסט דו אין ד׳אויגען
נאָר טרערען און טרערען?

וואָס ביסטו אַזוי בלאַס,
מיין איינציגעס קינד?
ווער האָט דיר פערלאָשען,
זאָג, וואָס פאַר אַ ווינד,

די אייגעלעך דיינע,
די שעהנע הבדלות?

וואו האָסט דו גענומען
נגונים — יללות ?

*　　*
*

אָהן איין עין-הרע,
געזונד זיי און שטאַרק,
דו פלעגסט דאָך צו זינגען,
פונקט אַ קאַנאַר׳ק,

אַ שטייגער, אַ וואָלאַך,
צי אַנדערע זאַכען!
עס פלעגט דאָך פאַר תענוג
דאָס האַרץ אין מיר לאַכען,

אַז דו פלעגסט זינגען
די זמירות ביי׳ם עסען; —
היינט האָסט דו גאָר יענע
נגונים פערגעסען!

היינט זינגסט דו גאָר אַנדערש,
היינט זינגסט דו ניש׳ גוט,
עס קלעמט מיר דאָס האַרץ צו,
עס קיהלט מיר דאָס בלוט;

עס שניידט, ווי מיט מעסער,
אין האַרץ דיין געזאַנג!
וואָס איז פאַר אַ שטייגער,
וואָס איז פאַר אַ גאַנג?

. . . . . . . . .

י. ל. פרץ.

פלעגסט אַ מאָל העלפען
דעס חזן אין שוהל...
גאָר אַנדערע קולות,
איין אַנדער געפיהל;

אַצינד עמיץ אַנדערש
זינגט פון דיר אַרויס!
וואָס איז דיר, מיין לעבען,
דער מאַמען זאָג אויס!
. . . . . . . . .

— צי ווייס איך דען, מאַמע,
וואָס ס׳זינגט דאָרט אין מיר?
איך ווייס נור, אין האַרץ איז
גאָר אַנדערש ווי פריהר!

איך ווייס נישט, וואָס ס׳איז מיר,
עס נאָגט דאָך אין האַרץ;
און פלוצלינג פאַר ד׳אויגען
ווערט פינסטער און שוואַרץ...

עס הייבט אָן צו ברענען
ווי פייער אין מח;
עס רייסען זיך קולות
פון האַלז אויס מיט כח!

און אָטהעם פערפעהלט מיר,
ס׳איז ענג אין דער ברוסט,
איך וויל זיי פערהאַלטען,
די טענער, אומזיסט!

זיי פליהען ווי פייגעל
אַרויס פון אַ נעסט...
און — אַזוי זינגט זיך...
אַט, ווי דו זעהסט!...



ד.

אַנדערש וואָלט מיין ליעד געקלינגען,
ר׳זאָל פאַר גוים גויש זינגען
נישט פאַר יודען, נישט „זשרגאָן״! —
קיין רעכטען קלאַנג, קיין רעכטען טאָן;
ס׳האָט פאַר ליעבע, פאַר געפיהל
נישט קיין פאַסענד וואָרט קיין סטיל...

אונזער יודיש האָט נאָר וויצען,
האָט נאָר שפּיצען, בלאַנקע בליצען;
ווערטער ווי פער׳סמ׳טע שפּיזען!
אין איהם לאַכען, וויינען ריזען!
ר׳איז ווי גאַל, ווי פּיאָלון ביטער
אין ער דרעשט דאָס לייב מיט ריטער

ר׳איז אין גאַנצען בלוט און טרערען!
קענסט אין יעדען אויסדרוק הערען
ווי דער ים—פון צרות זיעד,
ווי עס ברעכט דאָס האַרץ דעם יוד...
נאָר, האָטש פּלאַץ דאָ אויפ׳ן אָרט,
ס׳האָט קיין לעבליך וואַרעם וואָרט!...

קיין איינציג וואָרט איז צאַרט און גלאַט,
עס איז פאַר ליעבע טויט און מאַט —
„הערציל״, „זעלע״, „שאַץ״ און „שעצעל״ —
ס'האָט אַ טעם ווי לאַקריץ-פלעצעל;
עס האָט קיין טעם, עס האָט קיין זאַלץ,
און עס שמעקט נאָך חזיר-שמאַלץ!

---

זיך האָב צו'ן אייך קיין טענה-מענה,
וואָס די ליעבע איז אייך פרעמד;
ווענוס שפּרינגט אַרויס פון פּיאַנע,
ז'מיטן ים און אָהן אַ העמד!
און אַמאָר מיט בלינדע אויגען,
באָרוויס, נאַקיט לויפט ער, פליהט;
שפּיעלט זיך מיט אַ פיילענבויגען —
קען דאָס פּאַסען פאַר אַ יוד?

° °

°

ווייבער האָב'מיר סאַמע צנועות!
ס'וועט קיין ליעבע נישט פערלאַנגען:
אונזער טאָכטער מאַכט קיין שהיות:
נדן, תנאים, חופּה-שטאַנגען!

און מען לעבט דאָך ביי אונז יודען
גאַנץ בשלום, גאַנץ צופרידען;
ווי פּאַסאָליעס שיט מען קינדער!
טרעפט זיך זעלטען, פאַר אין ברירה,

טהוט אַ יוד אויף איין עבירה;
דם-ובשר, ס׳איז קיין ווינדער!

נור ער ווערט נישט פלעטשען, פּראַהלען:
„זאָנע, מאָנד און זילבער-שטראַהלען״
נישט פאַר וואַסער, ניש׳ פאַר פייער;
ר׳לויפט אין מקוה אַריין געשווינד,
וואַשט פון לייב אַראָב די זינד,
וואַרפט דערנאָך אַ האַרטען דרייער

דעם בעל-נס אַריין אין פושקע;
וויל ער, פאַסט ער נאָך אַ תענית
און ער שווערט זיך אויף נאמנות:
ס׳איז אין גאַנצען ווערטה אַ שישקע!

———

אינ׳ם שטעדטיל איז געוועזען
פון קדמונים אַ מפּולת:
דאָרטען פלעגען לצים וואוינען,
מוזיציערען, מאַכען קולות.

קרייען, מיאוציען, קוויציען, בילען,
אָדער סווישטשען ווי דער ווינד,
אויפ׳ן דאַך געהט אויף דער וואַך
אַרום איין אַלטער שוואַרצער הונד!

ס׳פלעגט אַרויס צו וואַרפען שטיינער,
גאַנצע פודען אויף דער וואָג,
און עס פלעגען זיך בעווייזען
די נישט-גוטע טאָג אויף טאָג!

ווייבער, מענער, יודען, קריסטען
ווייכען לאַנג די גאַנצע גאַס;
און מיט הויכען גראָז בעוואָקסען
שטעהען הייזליך פוסטע-פּאַס!

דאָרט ביינאַכט בעווייזט זיך מאָניש,
צו דער חורבה געהט ער צו,
ס'קלאַפּט דאָס האַרץ ווי ביי'ן אַ גזלן:
דאָרטען וואַרט אויף איהם מאַריע!

איהם בעגלייטען צוויי מלאָכים:
אין דער לינקער זייט אַ שלעכטער,
און, מיט טרערען אין די אויגען,
געהט דער גוטער אין דער רעכטער!

און דער גוטער מלאָך רוימט איהם
און דעם רעכטען אויער אַריין:
„האָב רחמנות! דיין נשמה
זאָל פאַר גאָט ניש' זינדיג זיין!"

„ווייס, די וועלט האָט ער בעשאַפען,
„וואָס אין הימעל, וואָס אויף ד'ר'ערד!
„זון, לבנה, אַלע שטערען,
„אַלע אָקסען, אַלע פערד,

„ער פערזאָרגט אויך ליבן, בערען,
„גיט פרנסה שאָף און רינדער...
„האָט דעם מענש זיך אויסגעקליבען,
„ער זאָל לויבען זיינע וואונדער.

און דעם תמצית פון די אמות
האָט ער יודען אויסגעצויגען,

און זעקס-הונדערט-דריי-צעהן מצות
„אָבגעמאָסטען, אָבגעוואָיגען!

„טהו נור תשובה, און ער וועט דיך
„מיט ש"י עולמות פערגעלטען!
„אוי, בערעכען! איז מאַריע דען
„ווערטה דריי הונדערט מיט צעהן וועלטען?"

חוזק מאַכט דער שלעכטער מלאך
רוימט אין לינקען אויער אַריין:
האָסט נאָך צייט אויף עולם הבא!
און ער וועט דיר מוחל זיין!

צי האָט ראובן נישט געזינדיגט?
אָדער דוד און בת שבע?
אַלע זענען אין גן עדן...
וויל ער האָט אַ גוטע טבע!

און אַ ליאַדע קרום, אַ טרעהר,
אין אַ ווינטער-טאָג אַ תענית,
און אַ וואָרט, „איך וועל נישט מעהר!"
און ער גלייבט דיר אויף נאמנות!

אַזוי טענה'ן די מלאָכים.
און דער ישוב דויערט ניש' לאַנג...
אָט זי ווייזט זיך שוין אין פענסטער,
און עס הערט זיך איהר געזאַנג!

פלאַמען ברענען איהר אין ד'אויגען,
אַלע תאוות — אין איהר ליעד!

און ער פליהט שוין פייל פון בויגען,
און דאָס בלוט עס קאָכט און זיעד!

---

טויזענד גרילען, טויזענד שפינען,
פלעדער-מייז און אַיילען הערען
זייער זינגען, לאַכען, קושען,
זייער קושען, האַלזען, שווערען...

און ער שווערט איהר הייסע ליעבע
ביי זיין לעבען, ביי'ם געזונד;
דאָך זי שמייכעלט: אַזאַ שבועה,
טראָגט אַוועק דער לייכטער ווינד!

און ער שווערט איהר ביי די ציצית,
ביי די פאות, ביי די תפלין,
און ביי שופר של משיח...
— „זאָג, וואָס נאָך? אום גאָטעס ווילען!"

---

און ער שווערט איהר הייסע ליעבע
אַלץ פערברענטער און פערשייטער,
און זי שמייכעלט, און זי בעט זיך:
שווער נאָר ווייטער, ווייטער, ווייטער...

און ער שווערט איהר ביי זיין טאַטען
ביי דער גוטער פרומער מאַמען;
ביי דער באָבען, ביי דעם זיידען,
און ביי אַלע נאָך צוזאַמען...

---

אויף איהר ליפּעל שפּיעלט אַ שמייכעל
און די אויגען איהרע גלאַנצען,
און זי בעט זיך: ווייטער, ווייטער!
זי וויל זיכער זיין אין גאַנצען!

ווייל אַ בחור קאָן פערפיהרען,
קען פערגעסען, האָט זי מורא...
און ער שווערט איהר ביי'ם פּרוכת,
ביי דעם כּתר, ביי דער תּורה!

און זי בעט זיך העכער! העכער!
זי וויל זיכער זיין אין גאַנצען!
און זי כשופט מיט איהר אָטהעם
און די אויגען בלישציען, גלאַנצען...

און ער גרייפט אַלס העכער, העכער,
האָט גאָט נאָמען אויסגערופען!..

. . . . . . . . .
פון'עם הימעל קנאַלט אַ דינער;
פון גיהנום פון'עם טיעפען

אַ געלעכטער אַ גערודער.
און פון שוועבעל יאָגט אַ ריח
און ער פליהט שוין „פּאַד קאַנוואָיעם
אויף אַ בעזעם אין דער הייך.

---

אויפ'ן באַרג אררט דאָרטען
איז אַ לעבען, אַ געפילדער,
ס'איז אַ באַל דאָרט אין דער תּיבה,
און אַ שרעקליכער, אַ ווילדער!

און קאַפּעלען (יענע וועלטי-
גע ציגיינער) מוזיצירען,
און שאַמפּאַניער — ווי וואַסער,
און די רוחות קאַנקאַניערען!

לאָמפּען — טויזענד פּעסער סמאָלע,
די רשעים זענען קנויטען;
ס׳געהט ארום איין-עקסטראָ-שד׳ל
מיט אַ שעריל צו די צויטען!

---

און די קעניגין איז לילית!
אין די אויגען האָט זי בליצען;
און סמאל טראָגט איהר לאַנגע
שלעפּ מיט בראַבאַנדער שפּיצען.

. . . . . . . .

אין דער טהיר דאָרט שטעהט געשלאָסען
אונזער מאָניש אויף אַ קייט...
און מען לעגט שוין אָן אַ פייער
און די שפּיז איז צוגעגרייט!

---

מיט די פיס שטאָלפּערט אַ מענש אויף דער ערד; מיט ן
קאָפּ שפּאַרט ער צום הימעל.

וועגדט זיך עס נאָר אין דעם, וואו דאָס האַרץ איז!
ביי די פיס, און זיין גליסטונג איז צום עפר ואפר, —
אָדער ביים קאָפּ, און עס גאַרט צו די עולמות העליונים...

איז אַ יוד מקיים „מאשפות ירים אביון" — ער הייבט אויף
דאָס גליסטונג פון מיסט. ער טהוט אָן אַ גאַרטעל, טיילט דעם
גוף אויף צוויי און זאָגט: דאָס האַרץ געהער אַרויף צום קאָפּ!
האָבען אויף איהם טאַקע קיין שליטא נישט קיין שדין ולילין
און קיין דבוקים, רחמנא ליצלן...

און נשים טראָגען צוליעב דעם אייגענעם — פאַרטיכער!
ואל יהי ענין הפאַרטוך קל בעיניך. איהר זאָלט דאָס
פאַרטוך פאַר גרינג נישט האַלטען, —

הערט אַ מעשה, וואָס איז געשעהען אין ראַחיוו.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ראַחיוו איז אַ שטעטעל נישט ווייט פון אַפּט; פון אַפּטער,
זכר צדיק לברכה, האָט איהר אודאי געהערט.

צושפּרייט איז עס ביים ברעג פון דער ווייסעל; לעבען
לעבט עס פון געהילץ, וואָס קומט פון די אַרומיגע וועלדער
און געהט איבער דער ווייסעל קיין דאַנציג; דעמאָלט אַ גרוי-
סער מסחר געווען.

זענען געווען דאַנציגער סוחרים, איז די גרויסע פּע-דערן געגאַנגען. מקיים געווען „וחי אחיך עמך"; האָט פון זיי געלעבט דער מעקלער, דער שרייבער אין וואַלד, דער שיפער, וואָס פיהרט די מעסערס ביז דער קעניגסבערגער מיהל, וואו עס נעמט זיי שוין איבער דער דייטש, און — דאָס גאַנצע שטעטעל.

ווינטער, עס שטעלט זיך אַ שליט-וועגס, ציהען זיך שוין פון די וועלדער, איבער'ן שטעטיל צום ברעג צו, פיהרליך מיט אַלערליי געהילץ: באַלקען, שוועלען, אונטערלאָג. צוריק-צו-וועגס אַהיים, שטעלט זיך דאָס פייערל אָב אין מאַרק. לייזט דער שענקער פאַר אַ ביסעל בראָנפען מיט פערבייסעכץ, לייזט דער אייזענקרעמער פאַר אַ שטיקעל אייזען, פאַר אַ קאָ-סע... לייזט די שטעל פאַר זאַלץ, פאַר שמירעכץ... דער קאָוואַל (אויך אַ יוד) פעררירכט אָדער שלאָגט אָן אַ פּאָדקאָווע, די זיצערין—פאַר אַ בייגעל פאַר אַ חולה-ילד.

רייך מאַכט נישט דער פויער; לחם לאכול גיט ער.

געהען אַוועק די פּאָר חדשים, הייבט אָן לאָזען דער פראָסט. אַ וואַרימער ווינטעל בלאָזט, יאָגט אָב די ענגים, די זון הייבט אָן אַרויסצוקריכען פון פוטערפאַס; זומער-לעב זאָגט אָן זיין קומען; פּאַקט זיך דער היימישער שיפער, קו-מען מיט די רענצליך שיפער פון די אַרומיגע שטעטליך. לייזט דער גאַסט-הייזער; גרייט מען זיך אין וועג אַריין, קומט מען ווייטער אָן צום סוחר, קויפט מען איין בשר געררייכערטס, פעטס, זאַלץ, גרויפען, אַ פעסעלע י"ש — צידה לדרך פאַר די פליסען, וואָס אַרבייטען אויף די מעסער... הייבט באַלד אָן צו רודערן ביים ברעג. פייערליך קומען פון די דערפער, יע-דערער מיט זיין נעץ, אַ פישעל צו חאַפּען, און מיט זיין פענ-דעל, דאָס פישעל צו בראָטען, און שטעלען זיך, איבער דער גאַנצער לענג פון ברעג, יעדערער זיין שטרויען ביידעל אויף.—

שטעהט אין ראַחיווער מאַרק, פון כעלות ביז מנחה, אין

דער לופט אַ געקלאַפּעריי פון העק און האַמער. דאָס שלאָגט מען אויפ'ן ברעג דאָס געהילץ צוזאַמען...

אַמאָל, אין מיטען דער נאַכט — עס הייבט אָן פּלוצלינג צו דונערן: די ווייכסעל ריהרט, דאָס אַייז פּלאַצט. דער ווינד טרייבט טאָוולען אויף טאָוולען, גאָרען אויף גאָרען. נאָך עס־ליכע טעג: דער ווינד האָט זיינס געטהון, די זון — איהרס, דער פויער האָט געהאָלפען מיט קילאָף און לאָפּאַטע, — אָב־געשוואומען דאָס אייז, בעפרייט געוואָרען דער טייך, מען לאָזט אַראָב די מעסערס, עס שווימען אַנדערע פאַרביי...

עס לעבט דער ברעג און קאָכט; די אָרימע יודינע פון שטעטעל ציהט חיונה פון דער שטעל ביים ברעג; פער־קויפט אויבס, געווערץ, זאַלץ; בגנבה — דעם ביטערן טראָפּען...

— — — — — — — — — — — — — — —

איהר מיינט אודאי, איך האָב אינ'ם פאַרטוך פערגעסען! הייבט זיך נישט אָן. איך האָב אַייך פריהער געוואָלט אויס־מאָהלען ראַחיוו, וואו די מעשה איז געשעהען.

אָט, אין דעם ראַחיוו איז אַמאָל נפטר געוואָרען אַ דין, איבערגעלאָזט האָט ער דוקא נישט קיין סך: איין אַלמנה און אינגאַנצען איין — יתומה... קהל האָט באַלד אויפגענומען איין אַנדערן דין, און דער האָט זיך מתחיב געווען, אַוועק צו געבען דער אלמנה מיט דער יתומה אַ פּירטעל שכירות. האָט ער נישט מקיים געווען. קיין שרפ"ט האָט דאָס שכירות נישט בעטראָפען, אַ מטופל אַ גרויסער איז ער געווען. שרייט די אלמנה צו קהל, לאָזט נישט אויסנעמען... בלייבט, מען זאָל איהר געבען עטליכע גולדען, זי זאָל זיך מאַכען אַ שטעל ביי'ם ברעג. גראָד אַ יודענע געשטאָרבען, בעפרייט געוואָרען אַ שטעל. וכך הוה, די אלמנה מאַכט זיך אַ שטעל, דאָס מיי־דעל טראָגט איהר נאָך די קיישליך אַהין און צוריק. און גיט איבער'ן טאָג אַכטונג אויף קונים'ס הענד. און — קיין מעשה נישט. אַז דער דין האָט געלעבט, האָט זיך אויך נישט אי־בערגעגאָסען, ביים הערינג פלעגט מען זיך די פינגער אָב־

שניידען... און פאַר הונגער, זאָגט מען, איז נאָך קיינער פון דער וועלט נישט געגאַנגען... נאָר דאָס מיידעל! דאָס מיידעל וואַקסט ווי אויף הייוועך, קיין עין הרע; שפּאַרט פון קליידעל אַרויס... עס רייטלען זיך די אָנגעפּילטע בעקלעך, גלייך מען וואָלט זי געצויגען אויף מילך מיט האָניג, אויף מאַרציפּאַנעס. און אויגאַניס האָט זי... די פויערן גאַפען; ציטערט די אלמנה פאַר איין עין-הרע; מאַכען זיך אַמאָל אַ גויש גלייכווערטעל, שטעכט עס זי אין אַלע גליעדער, ריהרט זי צו אַ פויער מיט דער יד, שפּרינגט זי אויף, אַיין אָבגעבריהטע, וואַרפט זיך מיט די נעגעל צו די אויגען...

און וואָס וועט זיין דער סוף?

ווייטער שרייען צו קהל, נישט לאָזען אויסנעמען? מען וועט זי הערען?

זיפצט זי, די אַלמנה. קוקט זי אין הימעל אַריין און זיפצט...

זיפצט זי נישט אומזיסט. פערהאַן איין אויער, וואָס הערט! און איינמאָל, מוצאי שבת, געהערט ביי'ן אַ שכן הבדלה, מען קלעהרט, אַרויסצוגעהען צום ברעג צי נישט? עפענט זיך די טהיר. „גוט וואָך" — פּיניע דער שדכן איז אַריינגעקומען. „גוט וואָך, גוט יאָהר", שטאַמעלט די אלמנה. זי גלייבט איהרע אייגענע אויגען נישט. „זעצט איך, ר' פּיניע... שרה'לע, וויש אָב דאָס בענקעל..."

די טאָכטער שרה'לע מאַכט זיך נישט הערענדיג, קעהרט זיך אָב אין אַ זייט, וואַרפט אפילו אַ בייזען בליק אויף ר' פּיניען. ר' פּיניע שמייכעלט: אַלע טהוען אַזוי! דאָס בענקעל ווישט אָב די אַלמנה אַליין.

— וואָס ברענגט איהר פאַר אַ גוטס, ר' פּיניע?

אין הארץ קלאַפּט איהר, ווי ביי'ן אַ גזלן. ר' פּיניע זעצט זיך, צוטיילט די באָרד אויף רעכטס און לינקס, צו-שמייכעלט זיך נאָך אַמאָל און זאָגט:

— זעהר פיעל גוטס!

— דהיינו ?

— דהיינו ... מאָלט אייך, אַז ר׳ מענדיל דער אלמן איז אַהיים געקומען פון וואַלד ... איך יאָג איהם שוין לאַנג נאָך : אַ יוד דאַרף נישט זיצען אַזוי לאַנג אָהן אַ ווייב ... טאַקי אַ צנועה געווען, טאַקי געבענשטע הענד, טאַקי, טאַקי... אָבער אַזוי לאַנג אָהן אַ ווייב זיצט מען נישט ... און די קינ-דערליך ... ממש אַ רציחה ... איבערגעגעבען אַ פינף קינדערליך אַ שכנה, זי האָט אַליין איהרע זעקס ... אַ יוד קומט אַהיים אויף שבת — די קינדערליך צודראַפּעט, אויסגעהונגערט ...

איך יאָג, איך שטעל אונטער בעלי-בתים ... ער לעגט אַלץ אָב. ס׳טייטש, האַפּ איך איהם אָן ביי׳ן אַ לאַץ, איהר זייט דאָך שוין קיין יונגער-מאַן נישט ... אם לא עכשיו, אימתי? בּע, מע ... ער האָט קיין צייט נישט ... ענדיגען אין וואַלד, פאַרטיג ווערען ביים ברעג... אַ נעכטיגער טאָג! איך זאָג איהם אַ שדוך, פערצייכענט ער אין ביכעל, ער וועט נאָכפרעגען,— הייבט זיך נישט אָן! דער שדוך ווערט פערלוירען אין ביכעל צווישען די קוביקען ...

דעם פרייטאָג איז ער אַהיים געקומען פריהער פון וואַלד . בעקוקט דאָס געהילץ אויפ׳ן ברעג ... האָט ער עמיצען דערזעהען !

— ווּעמין ?

ר׳ פּיניע נעמט אַ שמעק טאַביק :

— אייער בת-יחידה ...

שרה׳לע, וואָס איז געשטאַנען ביים בעט, וואַרפט זיך אַרויף אויפ׳ן געלעגער מיט׳ן פנים צו דער וואַנד .

— אַלע אַזוי, אַלע אַזוי! שמייכעלט פּיניע .

— איז וואָס? פרעגט די אלמנה, כמעט פערציטערט .

— איז וואָס? איז גאָר נישט ... שבת איז שבת ... נאָך הבדלה, שיקט ער מיך רופען. „גאָה, זאָגט ער, צו דער דין׳טע און רעד אַ שדוך. איך פאָהר , זאָגט ער , צוריק אין וואַלד אַריין . (דאָס פיהרעל איז געשטאַנען פאַר דער טהיר .)

און אַז איך וועל, אם ירצה השם, צוריק קומען, וועל איך אַהין גערן מיט אַ מנין, מיט כּבוד ...

ר׳ פיניע נעמט נאָך אַ שמעק טאַביק ... די אַלמנה וואַרט מיט איין אָפּען מויל ביז ער ענדיגט:

— און שרייבען תּנאים, אם ירצה השם!

שרה׳לע גיט פּלוצלינג אַ האַרציג געשריי,

פאַלט צו׳ן איהר די מוטער צו, האַלזט זי און קושט זי איבער געוואַלט:

— טאָכטערשי, אַזאַ מזל, אַזאַ שמאַלץ-גרוב ...

מ׳זע׳מיר דאָך גאָר דעם חסד נישט ווערט... נייערט, דיין טאַטע האָט זיך געמידט ...

שרה׳לע רייסט זיך אויס פון דער מוטערס אָרים, שפּרינגט אויף פון בעט און לויפט אַרויס מיט אַ געוויין פון שטוב ...

די אלמנה בלייבט צושראָקען. צושמייכעלט זיך אָבער באַלד, דערמאַנט זיך: זי האָט אויך אַזוי געטהון ... אַלע מיידליך שרעקען זיך אַזוי ...

— אַלע אַזוי, אַלע אַזוי! ברומט אונטער ר׳ פּיניע, זאָגט „אַ גוטע וואָך”! קושט די מזוזה און געהט אַרויס ...

די אלמנה בלייבט שטעהען פערטראַכט. קוקט דורכ׳ן פענסטער, מיט גרויס דאַנק, צום הימעל אַרויף און מורמעלט אַלץ אין איינעם:

— אַ גאָט-זאַך! אַ גאָט-זאַך!

און עס וואָלט אפשר געווען אַ „גאָט-זאַך”, ווען נישט דאָס פאַרטוך ...

— — — — — — — — — — — — — —

און — ווען נישט דער ברעג ...

וואָרען געהט אונטער די זון, ווערט „ששון ושמחה” ביים ברעג.

די אַרבייט ווערט אַוועקגעלעגט. יעדער פויער לעגט זיך אָן פון די געהילץ-שפּענער, פאַר זיין שטרויען-ביידעל, אַ פייערל.

נעמט זיך פוןביידעל זיין פענדעל אַרויס און בראָט זיך אָב זיין פיש. עסט אָב. אַ שענע נאַכט איז, „עין-יעקב" לערנט ער נישט... הייבט מען אָן זינגען... געפינט זיך שוין ביי איינעם אַ פייפעריל, ביים צווייטען—אַ פיעדעל, הייבט מען אָן שפּיע-לען, נעמט מען אַ קאַפּ, מאַכט מען אַ טענצעל... ווערט — הו — האַ!

געהען יונגע לייט און בחורים שפּאַציערען אַ ביסעל אָדער באָדען זיך, שטעלען זיי זיך אָב, הערען זיך איין, קוקען זיך צו... אַמאָל מיידליך אויך... קיין גוטס קומט פון אַזוינע זאַכען נישט אַרויס. אַ מיידעל, אַז קיינער זעהט נישט, קומט אַמאָל נעהנטער... דערזעהט מען זי פון ברעג, מאַכט זיך אַ פייערל אַ שפּאַס... אַמאָל שלעפּט מען זי אין רעדעל אַריין... מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, רחמנא ליצלן...

און אַמאָל, מיט יאָהרען צוריק, איידער אתזער מעשה איז געשעהען, האָט זיך פערלאָפען אַ מ א ו ס ע מעשה, גאָר אַ מאוסע... און דוקא מיט אַ בעל-בתיש טעכטערל, אַ כלה-מיידעל...

מען האָט אויף איהר געמורמעלט. געזעהען מחזקות מאַ-כען ביים ברעג. מען האָט גערעדט און גערעדט, ביז עס איז אָנגעקומען צו פאָטער-און-מוטער. גלייבט מען נישט, נאָר מען פּאַסט אויף. מען זיצט שוין פּאַרנאַכט אין דער היים; דער פאָטער דאַווענט אין דער היים מנחה-מעריב. איין טאָג—גאָר נישט, דעם צווייטען טאָג,—גאָר נישט... דעם דריטען אָבער, זי קען זיך, אַפּנים, נישט איינהאַלטען, זי נעמט די שאַל.

— וואו אַהין געהסטו?

זאָגט זי, צו'ן אַ חבר'טאָרין...

נעמט מען צו די שאַל:

— דו געהסט צום ברעג!

— זאָל זיין צום ברעג. וואָס איז אייער דאגה?

אַ וואָרט צו'ן אַ וואָרט, די בחור'טע איז מודה: זי טאַנצט דאָרט, זי זינגט... זי האָט דאָרט אַ פויער אַ געליעבטען, ער

וועט מיט איהר חתונה האָבען, זי וועט זיך שמד׳ען...

נעמט מען די בחור׳טע און מען בינדט זי צו מיט שטריק פון דער וועש אַרום אויבען צום בעט. נישט אַנדערש אַ דבוק! כּעלות, וועט מען זי פיהרען צום אַפּטער...

ביים ברעג דערוויל: וואו איז מלכּה? (מלכּה האָט זי געהייסען.) עס איז אָהן איהר אומעטיג, זי טאַנצט אַזוי שיין און זינגט, און אַז זי צולאָזט די האָהר איז—איי-איי!

שיקט מען געוואָהר ווערען... לויפט טאַקי איהר „קאָכאַנעק״!

קומט ער צוריק מיט אַ געוואַלט: ער איז ביים הייזעל געווען, דורכ׳ן פענסטעריל אַריינגעקוקט... און דערציילט כּהויה, ווי זיין „קאָכאַנאַ מאַלקאַ״ איז געבונדען. דאָס מויל מיט אַ שמאַטע פערשטופּט... און מען שלאָגט... שפּרינגט דער עולם אויף, ווי איין מענש, לויפט מען ראַטעווען די „קאָכאַנאַ מאַלקאַ״. לויפט מען דורך דעם מאַרק, ווערט א מהומה, גוים בעפאַלען! רוימט מען אָב פון די שטעלען, פערקלאַפּט מען די קלייטען, פערהאַמערט און פערריגעלט מען זיך אין די שטובען...

מען שטעהט אויף אין דערפריה: מלכּה—צוגענומען, די מוטער—אַ חולה מסוכּן, דער פאָטער—איבער נאַכט גראָה געוואָרען...

זיפצען די אַלטע: גלות...

די יונגע אָבער שרייען: „הכזונה...?״ און ווי ווייטער שטעהט... נעמט זיך צוזאַמען אַ מחנה בחורים, חאַפּט מען שטעקענס און שטיינער און מען לויפט צום ברעג, אָבשלאָגען די יודישע טאָכטער...

ווערט אַ מלחמה ביי׳ם ברעג, און יד ישראל תּקיפה, קנאת השם צבאות, טהוען אָבער די פויערן צעוויסען אין פאָרשטאָט אַריין. קומט מען זיי צו הילף מיט ווידליס, מיט כּלבים... גבורי ישראל האָבען געווענדט דעם נאַקען... קוים מיט׳ן לעבען אַרויס... מלכּה׳ס מוטער איז דעם טאָג געשטאָרבען... דער פאָטער האָט פערהאַמערט דאָס הייזעל און איז אַוועק אין דער וועלט אַריין... און ערשט צום ווינטער צו, אַז די פויערן האָבען פערלאָזט דעם ברעג און אַהיים

געגאַנגען יעדערער אין זיין דאָרף אַריין, צו זיין פייערטע און זיינע ילדים...

ווייסט מען נישט, וואָס עס איז געשעהען: צי איז זי, איבער דער צייט, די פויערן נמאס געוואָרען, אָדער זיי האָבען מורא געהאַט, זי זאָל נישט מיטלויפען מיט זיי אין דאָרף אַריין, און האָבען זי אין טייך אַריינגעוואָרפען, אָדער אַ פערלאָזטע האָט זי זיך אַליין אַ מעשה אָנגעטהון, — געגוג פאַר ימים נוראים האָבען זי די פישער אַרויסגעצויגע פון טייך אין אַ נעץ, — מיט אַ שטיין אויף אַ שטריק אַרום האַלז, איין אָנגעלאָפענע, איז צו דערקענען...

דעם גוף האָט מען בעהאַלטען אונטערן פלויט; פון דער זינדיגער נשמה איז אַ דבוק געוואָרען!

די ערשטע האָט זי סליחות-צייט דערזעהען איין אַלטע גבאי׳טע. קוים מיט׳ן לעבען ענטלאָפען און אין עזרת נשים כּהויה פערציילט: געזעהן, פון בית-עלמין איז זי אָנגעקומען פון אונטערן פלויט. געהט איבערן מאַרק, קומט צום פּאָטערס הייזעל צו, קלאַפּט אין טהיר, וואַרט אַ ווייל. מען ענטפערט נישט, געהט זי צום פענסטעריל צו, פויקט אין די שויבען. מען ענטפערט נישט. הייבט זי אָן שרייען: טאַטע מאַמע! און צוקראַצט זיך דאָס פנים מיט די נעגעל...

באַלד דערנאָך איז עמיץ אין שטעטעל אַוועקגעפאַלען. שיקט מען דאָס דיענסט-מיידעל אין דער אַפּטייק אַריין נאָך צענים. קומט זי נישט צוריק. אין דער פריה געפינט מען זי נעבען הייזעל אַ פערחלשטע. דערמינטערט מען זי, פערציילט זי:

געזעהן... אויגען ברענענדיגע, ווי די גלאָווניס, שוואַרצע האָהר צופלאָסען איבער ווייסע תכריכים... און גראַבעלט מיט די נעגעל אין טהיר. און קרעכצט: טאַטישי, מאַמישי! און געהט דערנאָך צום פענסטער, און קראַצט די שויבען — טאַטישי, מאַמישי!

דערנאָך האָבען זי שוין אַנדערע אויך געזעהען...

און נאָך אַנדערע, ביז מען האָט זיך צוגעוועהנט צום דבוק... און אָהן אַ פּאַרטוך געהט אין ראַחיוו! קיין אשה פאַר דער טהיר נישט אַרויס, זאָל דער דבוק קיין שליטא נישט האָבען. —

— — — — — — — — — — — — — — —

און אַז אַ זווג איז קיין רעכטער זווג נישט, מאַכט זיך אַזאַ מעשה:

איינמאָל פאַרנאַכט, שרה׳לע טראָגט אין שטוב אַריין די קיישלעך, די מוטער האָט זיך ביי׳ן אַ קראָם פערהאַלטען, קלערט שרה׳לע דערווייל פייער צו מאַכען, נאָר איידער וואָס, איידער ווען, פאַלט אַריין די מוטער מיט אַ שמחה, מיט אַ גדולה:

— וועסט שוין מעהר, טאָכטערשי, קיין קיישלעך נישט טראָגען, צום ברעג נישט געהן.

שרה׳לע ווערט בלאַס:

— וואָס איז, מאַמישי?

— וואָס איז? דיין חתן איז געקומען פון וואַלד! געשיקט אָנזאָגען די בשורה. ר׳ פיניע האָט מיך פאַר דער טהיר געטראָפען... באַלד קומט ער, מיט מנין, מיט כבוד, ווי ער האָט צוגעזאָגט...

גיט זיך שרה׳לע אַ וואורף צום בעט מיט אַ גרויס געוויין...

— וויין, טאָכטערשי, וויין, אַ גוט מזל בעט דיר אויס! דיין מזל וועט אויפשיינען, ווי די זון, און איך וועל נעבען דיר אויך אויפגעריכט ווערען...

— און הערסט, טאָכטערשי, ער ברענגט טאַקי כבוד, אָבער פטור בלא כלום וויל איך נישט! איך וועל אויך עפּיס געבען. האָב איך אַ פּאָר הערינג געברענגט, וועל איך קוילען, און קאַרטאָפעל אין די מונדירען וועל איך אָבקאָכען...

פערגראָבט שרה׳לע איהר פנים אין קישען אַריין...

— ליג, ליג, טאָכטערשי... איך אין דיינע יאָהרען האָב

איך געווײנט, אויך געמײנט, גאָט ווייסט וואָס, און געשראָ-
קען זיך אויף וואָס די וועלט שטייהט...

און זי נעמט זיך צו דער אַרבייט, לייגט אָן אַ פייער,
שטעלט צו די קאַרטאָפעל... דאָס פיירעיל קנאַקט אַזוי לוסטיג,
דאָס טעפּעל הייבט אָן זידען, מען דאַרף שוין זייערן, דער-
מאַנט זיך פלוצלינג די אלמנה: זאַלץ! פערגעסען...

— טאָכטערשי, שרה'שי, קרוין מיינע, טהו אַ טובה דער
מאַמען, לויף אַרויס נאָך אַ ביסעל זאַלץ...

און זי פאַלט צו'ן איהר צו, אַז יענע ענטפערט נישט.
און בעט, און גלעט, און קושט, און איז גוזר בכבוד אם.

— אַ'נישט, זייער דו די קאַרטאָפעל, וועל איך לויפען
נאָך זאַלץ...

הייבט זיך שרה'לע אויף און געהט נאָך זאַלץ...

געהט אַוועק אַ מינוט, צוויי, דריי, די קאַרטאָפעל שוין אָבגע-
זייערט, זי קומט נישט צוריק. און די קראָם איז פאַר'ן הויז!
לויפט די אלמנה צו דער טהיר צו, קוקט אויפ'ן הויף אַרויס,
מען זעהט נישט שרה'לען... רופט זי: שרה'לע, שרה'לע!
קיינער ענטפערט נישט. דערשרעקט זי זיך, חאַפּט זי די שאַל
און לויפט אַרויס. דאָס האַרץ זאָגט איהר, אַז עס איז, חס
ושלום, איין אומגליק געשעהען...

און אַ מאַמעס האַרץ איז אַ שטיק נביא...

עס איז טאַקי אַיין אומגליק געשעהען:

אין בעט ליגענדיג, האָט זי זיך, אַ פּנים, געוואָרפען,
איז מעהר לויז געוואָרען און אויפגעבונדען זיך דאָס פאַרטוך.
האָט זי עס, גייענדיג, אין הויף פערלוירען און נישט געפיהלט,
און נישט אויפגעהויבען, און איז אַזוי אַרויס פאַר דער הויז-
טהיר צו דער קראָם...

און אין מאַרק האָט זיך, ווייזט אויס, אַרומגעדרעהט
דער דבוק... געוואָלט אין עמיצען אַריין, געזוכט אַיין
אשה אָהן אַ פאַרטוך... און שרה'לע איז פונקט אַרויס אָהנעם
פאַרטוך... און אַזוי ווי זי איז צוגעקומען צו דער קראָם, און אַזוי

ווי זי האָט געעפענט דאָס מויל צו זאָגען: זאַלץ, האָט זי גאָר אַ געשריי געטהון, ווי די ערלים ביים ברעג:

— הו—האַ!

דער דבוק איז איהר אַריין דורכ'ן אָפענעם מויל!

און זי גיט זיך אַ ריס אַראָב דאָס טיכעל פון קאָפּ, צו־שיטען זיך איהר די האָהר איבערן האַלז און נאַקען, און עס פלאַמען איהר, ווי די שוואַרצע קויהלען, די אויגען אויף.—

און גיט אַ שפּרינג אַרויס פון קראָם... און צולאָזט זיך מיט אַ קול און זיגגט אַיין אויסגעלאַסען ליעדעל פון ברעג, און אַ לאָז אַ טענצעל איבערן מאַרק... און נאָך אַמאָל:

— הו—האַ!

און — פייל פון בויגען צום ברעג...

אַז די מוטער איז אַרויסגעקומען, איז שוין דער מאַרק געווען ווי פערשטאַרט. נאָר די קרעמערין האָט איהר קוים, מיט אַ פערשטאַרטען פינגער, געוויזען צום ברעג.—

. . . . . . . . . . . . . . . .

זי ווערען שוין קיין גבורי ישראל נישט ראַטעווען...

מען געדענקט יענע מלחמה... עס דרעהען זיך נאָך אַרום אַל־טע יודען, דער אָהן אַיין אויער, יענער מיט אַ האַלבער נאָז... און מען קרעכצט...

איז דאָך אָבער די אלמנה אַ מאַמע, לויפט זי אַליין!

קומט זי, טרעפט זי די טאָכטער אין אַ מיט רעדעל. מיט אַיין נאַקיטער האַנד אַרום האַלז, מיט דער צווייטער אַ יונג פייערל אַרומגעחאַפּט... זי טאַנצט מיט איהם! דאָס פיי־פעריל פייפט, די פיעדעל שפּיעלט, דאָס רעדעל אַרום פּאַטשט צו מיט די הענד, טיפעט מיט די פיס...

אַ מאַמע איז אַ מאַמע, רייסט זי זיך אין רעדעל אַריין:

— מענשען, שרייט זי, מענשען-רוצחים, מענשען-גזלנים!

זעהט איהר דען נישט, אַז עס איז אַ בעזעסענע, אַ דבוק...

„אָפּענטאַנאַ” — שרייט זי אויף פּויליש...

פאַר דער מאַמען רוקט מען זיך אָב; פאַר איהר קול דער־

שרעקט מען זיך. „דבוק" מאַכט אַ רושם. דאָס פייפעריל בלייבט שטיל, די פידעל פערשווייגט. און זי לויפט צו דער טאָכטער צו, רייסט זי אָב פון פויער, איהם שטויסט זי אָב אָן אַ זייט.

און שרייט צום עולם:

— זעהט, — שרייט זי — די אויגען איהרע... די האָהר די צופלאָסענע זעהט... דעם גאַנצען גוף, ווי ער טרייסעלט זיך... אַ משוגעת, אַ דבוק... מיט ווען מען טאַנצט איהר? וואו זענען אייערע אויגען געווען?

—נאָך קיין האַלבע שעה נישט, קלאָגט זי אַז דער דבוק איז אין איהר אַריין...

תנאים געזאָלט זיין—צעוויינט זי זיך,—צודריקענדיג די טאָכטער צום האַרץ— אַ שמאַלץ-גרוב... האָב איך זי נאָך זאַלץ געשיקט... אין מאַרק איז אין איהר דער דבוק אַריין, אפשר מלכה'ס דבוק...

דאָס מאַכט נאָך מעהר רושם...

די פויערן טראָגעז זיך אָב אין די הייזלעך אַריין... די מוטער דריקט פעסטער די טאָכטער צום האַרץ:

— שרעק דיך נישט, טאָכטערשי, צאַפּעל נישט אַזוי, מאָרגען טרייבט מען דיר, מיט זיין ליעבען נאָמענס הילף, דעם דבוק אַרויס...

און פיהרט זי, אַ האַלב טויטע, אַהיים...

---

דער אַפּטער, זכר צדיק לברכה, האָט צומאָרגענס זיין שטעקען דעם אַלטען ראַחיווער רב צוגעשיקט און אָנגעזאָגט, ווי אַזוי אַרויס צוטרייבען דעם דבוק...

און באַלד אין דער פריה האָט מען זיך גענומען דערצו. מען האָט אין-שוהל-אַריין געקלאַפּט, פול איז שוין די שוהל, און ווייבער — אין עזרת נשים פול...

און מען האָט אַ טהרה-ברעט געברענגט, אויפ'ן שלחן פון בעלעמער געשטעלט, און שרה'לען אויפ'ן ברעט אַרויפ-

געלעגט, און מיט אַ שוואַרץ טוך בעדעקט.

און מיט'ן אַפּטער, זכרונו לברכה'ס, שטעקען איז באַלד דערנאָך דער אַלטער רב אויף די טרעפּליך צום ארון-קודש אַרויף, מיט'ן פּנים זיך צום בעלעמער געשטעלט ... און ער קוקט, און מורמעלט וואָס מען דאַרף, און גיט פּלוצלונג דריי מאָל מיט'ן שטעקען אין טרעפּיל אַ קלאַפּ, און אַ געשריי:

— דבוק אַרויס!

אויפ'ן עולם פאַלט אַיין אימה. דער דבוק אָבער שווייגט:

רופט ער נאָך אַמאָל:

— דבוק אַרויס ... איך בין גוזר; דבוק אַרויס!

דער עולם ציטערט, אין עזרת נשים חלש'ט מען; דער דבוק שווייגט.

אָבער צום דריטען מאָל, אַז דער אַלטער רב האָט דערמאַנט די פּמליא של מעלה און געזאָגט, ער וועט איהם לייגען אין חרם אַריין, און אַז דער אַפּטער וועט מסכּים זיין, —

ערשט דעמאָלט האָט דער דבוק אַ קרעכץ געטהון פון אונטערן שוואַרצען טוך:

— ך'קען נישט, רבי!

— פאַר וואָס?

— ווי אַרום, רבי, זאָל איך אַרויס? דורך דער טהיר? שטעהט דאָרט די בעל-הנס-פּושקע און דער נר תּמיד ברענט!

— דורכ'ן פענסטער!

— אַלע שויבען זענען גאַנץ ...

פונקט האָט אַ גלעזער פאַר עטליכע טעג אויף דער לאָטעריע געווינען און נייע שויבען אַריינגעשטעלט ...

חאַפּט דער רב דעם שטעקען, וואַרפט אין פענסטער אַריין, אויף פּיצפּיצלעך האָט די שויב געפּלאַצט — — —

און דער דבוק איז אַרויס ...

נאָר אַז מען האָט דאָס שוואַרצע טוך אויפגעדעקט, איז שרה'לע געלעגען — אַ טויטע ...

---

בימי המלך שלמה — אין די צייטען פון מלך שלמה האָט געלעבּט אַיין אַלמנה, אַיין אָרימע, מיט'ן נאָמען שונמית.

און געלעבּט האָט די אלמנה שונמית אין אַ סוכּה פון אַלטע בּרעטער, בּעדעקט מיט אַ סכך פון צווייגען און בּלע-טער פון פּאַלמען-בּיימער, אין אַ פישער-דאָרף, בּיי'ם בּרעג פון ים הגדול.

און געשפּייזט האָט זיך די אלמנה מיגיע כּפּיה — מיט שטריקען און פערריכטען די נעצען פאַר די פישער אין פישער-דאָרף.

ויהי היום — איז געקומען די צייט פון ווינטען און שטורם-ווינטען. קיין שיפעל געהט נישט אין ים אַריין, קיין נעץ ווערט נישט פערשפּרייט, איז די אַלמנה געבּליבּען אָהן אַ בּי-סען בּרויט.

וועט זי דאָך נישט געהען אָך די אָרימע פישער-הייז-ליך אַריין בּעטען בּרויט; עס פעהלט אומעטום, ווענדט זי זיך ווייטער פון דאָרף.

עטליכע מייל פון דאָרף, אין אַ גרויס הויז מיט אַ גרויס נעהייף, האָט געוואָהנט אַ רייכער יוד, וואָס איז געבּענשט גע-וואָרען פון זיין ליעבּען נאָמען מיט פעלדער פעטע, פרוכט-בּאַרע גערטנער און גאַנצע וועלדליך איילבּירטען. און מיט הערטען שאָף און רינדער, און מויל-טהירען און קעמלען.

הייבט זי זיך אויף, די אלמנה שונמית איינמאָל אין דער פריה, זעהט אַז דער הימעל איז אַ בייזער, די לופט—ווינדיג, פערשטעהט זי, אַז זי מוז שוין אָנקומען צו מתּנת בשר ודם, בעדעקט זי זיך מיט איין אַלטער שאַל, וואָס זי טראָגט ביי-טאָג און דעקט זיך מיט איהר צו ביינאַכט, און לאָזט זיך פון דאָרף אַרויס אין וועג אַריין, צום רייכען יוד.

קומט זי קעגען מיטאָג צום געהייף, טרעפט זי דעם רייכען יוד פאַר דער טהיר, געהט זי צו, בוקט זיך דריי מאָל, ריהרט דריי מאָל אָן מיט'ן שטערן די ערד פאַר זיינע פיס.

פרעגט ער זי:

— וואָס בוקסט דו דיך פאַר מיר, אשה, שטעה אויף און זאָג, ווער דו ביסט און וואָס איז דיין פערלאַנג.

זאָגט זי איהם: „איך בין די אלמנה שונמית פון פישער-דאָרף ביים ברעג פון ים" און פערצייהלט איהם וועגען איהר נויט. שוין לאַנג קיין ביסען ברויט אין מויל נישט געהאַט: און בעט אַ לעבעל ברויט,

„די נשמה צו דערהאַלטען!"

וויזט ער איהר, וואָס אין געהייף טהוט זיך.

— זעה, אשה, אָט שפּאַנט מען ערשט מיינע קעמלען און מויל-טהירען אויס. פון ירושלים קום איך, איך האָב שלמה המלך'ס פּאַלאַץ געזעהען! אַ פּאַלאַץ — אַ פערבלענדעניש! און מען לאָזט יעדען אַריין. און איך בין אַריינגעקומען. אין אַ גאָלדענער קרוין, אויף זיין גאָלדענער שטוהל איז שלמה געזעסען, אַרומגערינגעלט מיט שרים און זקנים, און פאָלק. און ער האָט פאַר זיי תּורה און חכמה געזאָגט. פעריל האָבען זיך געשיט פון מויל.

און הער, וואָס ער האָט געזאָגט, אשה!

„ושונא מתּנות יחיה"—האָט ער געזאָגט.

ווער עס וויל לעבען, נעמט קיין מתּנות נישט. ווער עס נעמט אומזיסט, פערקירצט זיך זיינע יאָהרען, וואָס זיין ליעבער נאָמען האָט איהם בעשערט. דו ווילסט זינדיגען, אשה,

און איך וויל נישט זיין קיין שותּף צו דיין זינד. גאָט איז אַ דין אלמנות, ער וועט עס מיר נישט פֿערגעסען, אַז איך האָב מיטגעהאָלפֿען צו פֿערקירצען דיינע יאָהרען...

אומזיסט גיב איך נישט.

— אויב אַזוי—זאָגט די אשה,—גיב נישט אומזיסט; באָרג מיר אַ לעביל ברויט. אָדער לייה מיר אַ ביסעל מעהל, וועל איך עס מיר אַהיימטראָגען און אָבבאַקען, און דאָס לעבען דערהאַלטען, און דאַנקען דיר און בעטען פֿאַר דיין לעבען...

— דאָס אויך נישט, אשה!—ענטפֿערט דער עושר געלאַסען. „עבד לוה לאיש מלוה” האָט שלמה המלך געזאָגט. ווער עס לייהט, קויפֿט זיך אַ קנעכט. און קנעכט קויף איך מיר פֿרעמ- דע, נישט מזרע אברהם, יצחק ויעקב... איך וויל אייגען פֿלייש און בלוט, בפֿרט אַיין אלמנה פֿאַר קיין קנעכט נישט האָבען... איך באָרג דיר נישט, איך לייה דיר נישט...

פֿרעגט די אשה:

— זאָל איך פֿאַלען פֿאַר הונגער פֿאַר דיינע פֿיס, דאָס וועט בעסער גאָט געפֿעלען, דעם דין אלמנות?

— דו וועסט, אלמנה שונמית,—ענפֿערט ער איהר נאָך געלאַסענער,—פֿאַר מיינע פֿיס פֿאַר הונגער נישט פֿאַלען... העלפֿען וועל איך דיר, ווי גאָט איז מיר ליעב! נאָר העלפֿען וועל איך דיר מיט אַיין עצה: געה און זיי זוכה פֿון הפקר!

— וואָס מיינט איהר דערמיט? הפקר איז אין מדבר, צום מדבר איז דריי טעג, און וואָס געפֿינט מען דאָרט? גרעז- ליך אויסגעטריקענטע? טרייבט איהר שפּאַס פֿון אַיין אָרימער אלמנה און פֿאָרכט אייך נישט פֿאַר דעם, וואָס אייביג לעבט און וועגדט פֿון יתומים מיט אלמנות קיין אויג נישט אָב!

— איך שפּאַס נישט, אשה! ענפֿערט ער. גאָטס-פֿאָרכטיג בין איך פֿון געבורט, און נישט צום מדבר נאָך גראָזען שיק איך דיך.

— נייג צו דיין אויער, אשה, און הער! מיין קאַמער איז צונד לער. די הונדערט זעק מיט׳ן ווייסען ווייצען-מעהל ווי

שניי האָב איך, ווי איך האָב שוין דערמאַנט, קיין ירושלים אָב-געפיהרט, צום מלך שלמה אין פּאַלאַץ אַריין. און די ברעטער, וואָס האָבען זיך אונטער די זעק געבויגען, זענען פריי. אָבער ווייס, גאַנץ ווייס זענען די ברעטער; בעדעקט מיט'ן שטויב, מיט וועלכען די זעק האָבען געשוויצט. דער שטויב איז הפקר, דער שטויב איז נישט מיין. געה, על כן, אין קאַמער אַריין, וויש דיר די ברעטער אָב, זאַמעל דעם שטויב פון ווייסען ווייצען-מעהל ווי שניי, נעם אַהיים, לעג אָן אַ פייער, — קלויב שפּענדיל אויפ'ן וועג — און באַק דיר דיינע קיכלעך אָב, זאָל זיין ליעבער נאָמען אַריינשיקען די ברכה אין דיין שטויב פון מעהל, און עס, און דערקוויק דיך, און לויב גאָט...

---

האָט די אלמנה שונמית געטהון, ווי דער פרומער און רייכער מאַן האָט איהר געראָטען. האָט זי אָבגעשאַרט און אָבגערייניגט דעם שטויב פון מעהל פון די ברעטער אין רייכען פרומענס קאַמער; אויפ'ן וועג צוריק האָט זי פון ווינד פעריאָגטע צווייגלעך געפונען; אַהיים געקומען, שוין נאַכט געוועזען. האָט זי פון די צווייגליך פייער געמאַכט, דאָס מעהל מיט וואַסער געמישט און געקנעטען, זענען דריי קליינע ברייטעליך אַרויס, האָט זי די דריי ברייטליך ביי'ם פייער קוים אָבגעבאַקען, און גאָט פאַר זיינע חסדים לויבענדיג, וויל זי נעמען דאָס ערשטע ברייטעל צום מויל, — עפענט זיך מיט אימפּעט פּלוצלינג פון דרויסען די טהיר, איןביידעל פאַלט אַריין אַ מענש מיט אַ געשריי!

— ראַטעווע אַ מענש פון טויט, שוין דריי טעג און דריי נעכט אין מויל נישט געהאַט...

און ער פערציילט אין שרעק און איילעניש:

אַ שרפה איז אויסגעבראָכען אין זיין דאָרף. אין מיט'ן דער נאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפען, האָט אויסגעבראָכען די בראַנד. אַ פייער איז פון הימעל געפאַלען... און דער

שטורם האָט דאָס פייער איבער גאַנצען דאָרף צויאָגט... אַלץ איז פערברענט, ער איינער איז פון די פלאַמען פייער און די זיילען רויך מיט׳ן לעבען אַרויס. אַלץ איז געוואָרען אַ רויב פאַר דער בראַנד: מאַן, ווייב און קינד, און שאָף און רינד, און האָב, און גאָב. און דריי טעג און דריי נעכט לויפט ער אַרום, פון פייער געיאָגט, פון שרעק געטראָגען און אָהן אַ ביסען ברויט...

דערלאַנגט איהם די אלמנה דאָס ברייטיל פון מויל אַוועק און זאָגט איהם:

— געה אַרויס, איך בין איינע אַליין, און עס... און דערהאַלט דיין נשמה...

געהט דער אָנגעקומענער אַרויס און פערשווינד אין דער פינסטערניש פון דער צוגעפאַלענער נאַכט.

דאַנקט די אלמנה זיין ליעבען נאָמען, וואָס האָט זיי מיט ברויט בעשענקט און נאָך אַ מצוה, אַ מענש ביים לעבען צו דערהאַלטען בעשערט, און וויל דאָס צווייטע ווייכע ברייטעל נעמען צום מויל.

עפענט זיך נאָך אַמאָל מיט אַיין אימפעט די טהיר, און אַ צווייטער מאַן פאַלט אין דער אלמנה׳ס ביידעל אַריין, מיט דעם זעלבען געשריי:

— ראַטעווע אַ מענש פון טויט...

ער איז אַ רייכער מאַן געווען, הערטען שאָף און רינדער אין סטעפּ געפּאַשעט, אין רייכע געצעלטען מיט ווייב און קינדער געוואָהנט, און יונגען געזונדע ביי שאָף און רינד געהאַלטען... פלוצלינג זענען בעדואינען, ווי אויף די פליגעל פון ווינד, אָנגעפלויגען אויף זייערע פערד, מיט בויגען געשפּאַנטע אין די הענד; פון אַלע זייטען זיי אַרומגערינגעלט, מיט אַ האָגעל פיילען בעשיט, די יונגען מיט ווייב און קינד געטייט, די הערטען אָבגעפיהרט, און מיט זיי אין ווייטען ברייטען סטעפּ פערשוואונדען... און אַז דער סטעפּ האָט אויפגעהערט אָבצוקלינגען זייערע טריט, האָט ער זיך, איינער אַ לעבענדיגערפון

צווישען די טויטע אויפגעהויבען, און בלאָנזעט שוין דריי טעג און דריי נעכט אַרום, אָהן אַ ביסען ברויט, איידער ער איז צו איהר ביידעל געקומען —

— דערלאַנג, האָב רחמנות, אַ ביסען צום מויל, אַ'נישט פאַל איך אַ טויטער צו דיינע פיס ...

דערלאַנגט איהם די אלמנה שונמית בתשואת חן דאָס צווייטע ברייטיל, גאָט לויבענדיג און דאַנקענדיג פאַר דער צווייטער גרויסער מצוה, וואָס ער האָט איהר בעשערט. הייסט איהם אויך אַרויסגעהען עסען פאַר דער טהיר, ווייל זי איז איינע אַליין אין ביידעל. און ער טהוט אַזוי, און פערשווינדט אויך אין דער פינסטערער נאַכט ...

נעמט זיך די אלמנה שונמית צום דריטען ברייטעל און וויל עס שוין געגענען צום מויל. רייסט זיך פלוצלינג אויס מיט בענייטע כחות פון צפון דער ווינד און רייסט איהר ביי-דעל איין. צופאַלען זיך רעכטס און לינקס די ווענד ... פליהט ערגיץ אַוועק דער סכך. און דער ווינד רייסט דער אלמנה דאָס דריטע ברייטעל פון דער האַנד אַרויס און שליידערט עס אין ים אַריין ...

און ערשט דעמאָלט שטילט דער ווינד. שטעהט די אלמנה און טראַכט ...

דער ווינד האָט זיך געלעגט, שטיל איז דער ים. איבער זיין וואַסער, ווי איבער אַ שפיגעל, גליטשען זיך די ערשטע שטראַה-לען פון דער אויפגעהענדיגער זון. באַלד וועט זיך אויפחאַפּען דאָס דאָרף, אָבבינדען מיט פרייד די שיפליך ביי'ם ברעג, פערשפרייטען נעצען ... קינד און קייט וועט אַרויסלויפען בע-גלייטען די פישער. און מיט פרייע געשרייען רופען: אויס הונגער, געלויבט זיין ליעבער נאָמען! עס וועט זיין ברויט.

אָבער נישט וועגען דעם טראַכט די אלמנה.

אַיין אַנדערער געדאַנק עגבערט אין איהר מח.

— וואָס האָט גאָט פון איהר געוואָלט? וואָס האָט גאָט מיט איהר, דער אַלמנה, געטהון? —

— וואָס האָט מיר גאָט געטהון? עגבערט איהר אין מח.
— איין ברייטעל האָט ער איהר צוגענומען פאַר איין ענט-לאָפענעם פון פייער. רעכט, זאָל זיין געלויבט זיין נאָמען!
— דאָס — צווייטע פאַר אַ געראַטעטען פון גזלנים, אויך געלויבט זיין ליעבער נאָמען. ער האָט געגעבען, ער האָט גע-נומען, פאַר אַ ביליכערן פון איהר...
— אָבער דאָס דריטע ברייטעל? אויסצורייסען ביי'ן אַיין אלמנה פון מויל און שליידערן אין ים אַריין! —
דאָס איז איהר אונמעגליך צו פערשטעהען...
און עס פאַלט איהר אַיין, אַז אפשר ווייסט גאָר גאָט נישט דערפון, אַז דאָס האָט דער ווינד אליין, מיט זיין איי-גענעם ווילען, אָהן גאָט'ס וויסען און קעגען זיין ווילען גע-טהון. זיין ליעבען נאָמען, וואָס שפייזט אלמנות און יתומים להכעיס!
אַנדערש קען נישט זיין!
און זי וועט עס דעם ווינד, דעם גזלן, נישט שענקען. זי וועט דעם ווינד פערקלאָגען...
פאַר וועמען?
פאַר דעם מלך שלמה.
פאַר איהם וועט זי האָבען אַ דין תורה מיט'ן ווינד, קיין ירושלים וועט זי געהען!
אָבגעקלערט, פערדעקט זי דאָס פנים מיט דער צו-ריסענער שאַל און לאָזט זיך אין וועג אַריין.
פערהונגערט איז זי און פערשמאַכט, נאָר דער גערעכ-טער צאָרן טראָגט זי אויפ'ן ווייטען וועג. און זי איז גע-קומען — קיין ירושלים.
קומט זי, פרעגט זיך נאָך, ווייזט מען איהר, וואו דער מלך שלמה הויזט. לאָזען זי די שומרים אַריין; שלמה המלך'ס טהירען זענען אָפען פאַר אַלע, בפרט פאַר אלמנות. קומט זי אין זאַל אַריין און פאַלט פאַר'ן מלך שלמה, וואָס זיצט אויף זיין שטוהל אויפ'ן פנים!

— אַדוני המלך — זאָגט זי — אַ דין תּורה האָב איך.

— מיט וועמען? איך זעה, דו קומסט אַליין.

— מיט׳ן ווינד; ענטפערט די אַלמנה, און הייבט צו איהם דאָס פּנים אויף, און פערציילט איהם איהר טענה.

— גוט — ענפערט דער מלך שלמה — דיין פּנים איז דיין עדות: עס איז מיעד, און אין דיינע אויגען ברענט דער הונ-גער. ווערסט דו דיך צו אַלעם ערשטען דערפרישען. זעץ דיך דערוויייל, אשה, אין אַ ווינקעלע; מען וועט דיר דערלאַנגען ברויט און וויין. עס, טרינק און דערהאַלט דיין נשמה, דער-נאָך ווערסט דו הערען דיין פּסק.

געזעצט זי אָב אין אַ ווינקעלע. דערלאַנגט מען איהר ברויט מיט וויין. עסט זי. קומען דריי פרעמדע מענער אַריין. דריי פרעמדע מענער, מיט זעקליך אויף די אַקסעל. צום מלך שלמה דאַרפען זיי.

— וואָס איז אייער פערלאַנג, פרעמדע מענער? און וואָס טראָגט איהר אין די זעקליך אויף אייער אַקסעל?

דערציילען די מענער אַזאַ געשיכטע:

ישמעאלים סוחרים זענען זיי. האַנדלען מיט ציהרונג טייערע און כּלים, און בשמים די טייערסטע, און זענען זאַל-בער-דריט געפאָהרען אין אַ שיפעל איבער׳ן ים... ווינטען זענען געוועזען. אומרוהיג איז געוועזען דער ים, זענען זיי אָבער שטאַר-קע און געניטע לייט, שרעקען זיך פאַר קיין ווינטען נישט, שווימען זיי וואַל-אַרויף, וואַל-אָב...

האָט אָבער, איינמאָל פאַר נאַכט, אָנגעהויבען דאָס שי-פעל צו נעצען... געלעכערט איז ערגיץ געוואָרען דאָס שיפעל, און מיט וואָס צו פערשטאָפּען איז נישט דאָ. שרייען זיי, אפשר וועט מען דערהערען פון ברעג און קומען צו הילף. הערט קיינער נישט. דער ווינד חאַפּט זייערע געשרייען און צעוואַרפט זיי איבער׳ן ים, די וואַלען חאַפּען אויף און ענטלויפען מיט זיי אין דער נאַכט אַריין...

און דאָס שיפעל נעצט און הייבט אָן זינקען...

שרייען זיי צו גאָט. צו זייער גאָט; ער הערט נישט. רופען זיי צו אַנדערע געטער. צום גאָט פון מואב, צום גאָט פון פלשתים, צו אַנדערע געטער. קיינער ענטפערט נישט, האָבען זיי זיך דערמאַנט, אַז עס איז דאָ נאָך אַ גאָט, אַ גאָט פון ישראל... פריוועו זיי און רופען:

— גאָט פון ישראל ענטפער אונז אין דער נויט. און אַ נדר טהוען זיי: דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס מיר האָבען געלייזט, גיב׳מיר דיר אַוועק פאַר אונזערע נפשות, נאָר ראַטיווע אונז! ראַטיווע, גאָט פון ישראל...

און אין דער רגע האָט זיך דער ווינד אַ וואָרף געטהון און עפּיס פון ברעג אין שיפעל אַריין מיט אַ געוואַלדיגען כח אַריינגעשליידערט, פּונקט אין לאָך פון שיפעל אַריין, און האָט עס פערשטאָפּט...

און באַלד האָט זיך געלעגט דער ווינד און מיר זענען בשלום צוגעשווימען צום ברעג...

האָב מיר ביי לייטען זיך נאָכגעפרעגט: וואו הויזט דער יודישער גאָט. מיר ווילען אונזער נדר מקיים זיין?

האָט מען אונז אָנגעוויזען ירושלים...

זענען מיר מיט אונזערע זעקליך קיין ירושלים געקומען און אין די גאַסען די מענשען אויסגעפרעגט: וואו איז אייער גאָט, מיר ווילען איהם זעהען! האָבען לייט אונז געענטפערט, אַז דעם גאָט פון ישראל זעהט מען נישט...

— מיר דאַרפען איהם דאַנקען, כבוד אָבגעבען, און אַ מתנה דערלאַנגען...

האָבען זיי מיט די אַקסלען געדריקט; אַנדערע האָבען אונז אויסגעלאַכט...

און עלטערע לייט, וואָס מיר האָבען בעגעגענט, זיי זיך פערטרויט און אַיין עצה געפרעגט: וואָס טהוט מען מיט אונזער נדר, ווען מען גיט מען, עס זאָל פּאַסען צום יודישען גאָט׳ס ווילען, די זעקליך מיט זילבער און גאָלד, האָבען זיי קיין בעשייד נישט געוואוסט. נאַר איינער פון זיי דער עלט-

סטער האָט אונז געראַטען, מיר זאָלען זיך ווענדען, גרויסער האַר און מלך, צו דיר, דו ביסט, האָבען זיי געזאָגט, דער קליגסטער אויף דער גאַנצער וועלט, און דו וועסט וויסען אונז צו ראָטען, ווי אַזוי אונזער נדר מקיים צו זיין, צו טהון מיט׳ן גאָלד און זילבער לויט דעם ווילען פון גאָט פון ישראל.

האָבען זיי געענדיגט און געבוקט זיך, און דער מלך שלמה פרעגט:

— האָט איהר, פרעמדע לייט, בעטראַכט, וואָס דער ווינד האָט אייך פון ברעג אין שיפעל אַריין געשליידערט, מיט וואָס ער האָט דאָס לעכיל פערשטאָפּט, איהר זאָלט נישט אונטערגעהען?

— מיר האָבען געזעהען, גרויסער מלך. אַרויסגענומען און גוט בעטראַכט, אַ קליין ברייטעל איז עס געווען, אַ וויייך, נישט דערבאַקען ברייטעל... מיר האָבען עס געברענגט, דיר צו ווייזען, מלך...

און דער עלטסטער נעמט דאָס ברייטעל פון בוזעם אַרויס און ווייזט עס —

רופט צו דער מלך שלמה די אַלמנה שונמית און פרעגט, צי זי דערקענט נישט, צי איז עס נישט איהר ברייטיל?

דערקענט זי; איהר ברייטיל. —

פסק׳ענט דער מלך שלמה, מען זאָל איהר געבען די דריי זעקליך גאָלד און זילבער. טהוען אַזוי די לייט, דאַנקען און געהען.

און צו דער אַלמנה ווענדט זיך דער מלך שלמה:

— נעם דאָס גאָלד מיט׳ן זילבער. פאַר דיין דריט ברייטעל האָט דיר גאָט בעצאָהלט, און זיי וויסען, אַז קיינער טהוט נישט גאָט להכעיס; אַז אַלץ געשיהט לויט זיין ווילען. און אַז נאָר זיין שליחות טהוט דער ווינד. —

---

צוויי חברים זענען זיי געווען, אין איין צימער גע-
וואוינט, יעדען אָוועגד אויפ'ן באַלקאָן פון צימער געזעסען,
אין לבנה-שיין זיך און די נשמות געבאָדען, און פון שטי-
לער זיסער פריינדשאַפט און איהר סימבאָל די לבנה גערעדט.
און מעהר מיט די אויגען ווי מיט'ן מויל. זיי האָבען נישט
געדאַרפט רעדען. איין נשמה האָט ביי דער צווייטער דאָס
שטילע נחת פון דער שטילער פריינדשאַפט פון אויג געזויגען.
איז אָבער געקומען דער טאָג פון בענקשאַפט...
אין יענעם אָוועגד האָבען ביידע נשמות דערפיהלט, אַז
לבנה-שיין און שטילע פריינדשאַפט איז נישט דאָס גאַנצע
לעבען. און עס האָט זיך זיי פערבענקט צום גאַנצען לעבען.
ביידע האָבען עס דערפיהלט מיט אַמאָל. און יעדער
פון זיי, — אַז דעם צווייטענס נשמה איז פאַר איהם שוין נישט
אָפען, נישט ענטפלעקט, נור ווי איינגעהילט אין עפּיס, ווי
אין עפּיס פערשלייערט.
און דערפיהלט האָבען ביידע, אַז פון היינט אָן וועט
שוין איינער דעם אַנדערן נישט געניגען, אַז אין האַרץ פון
יעדען וועקט זיך עפּיס נייעס, עפּיס אַ וואונדערליך פרעמדס,
פון וועלכען עס וועט אויסשפּראָצען ביי יעדען פאַר זיך
אַליין דאָס לעבען אין זיין גאַנצקייט, און דער צווייטער וועט
דערינען קיין חלק נישט האָבען.

און זיי האָבען, נישט ווימענדיג און נישט ווילענדיג, אָבגעווענדט די קעפּ איינער פון צווייטען. דערנאָך האָט זיך איינער אויפגעהויבען און, נישט מעלדענדיג דעם צווייטען, אַרויס— פון באַלקאָן, פון צימער, פון די טרעפּ אַראָב, אין גאַס אַראָב געצויגען, און באַלד האָט זיך אויפגעהויבען דער צווייטער, שטיל אין צימער אַריין געגאַנגען, אויפ'ן געלעגער זיך אויסגעצויגען און די אויגען פערמאַכט...

דער וואָס איז אין גאַס אַריין האָט זיך אומגעקוקט און פלוצלונג אויסגערופען:

— לער, לער! עפּיס פעהלט, עפּיס מוז מען בעקומען, עפּיס מוז מען דערגרייכען.

און ער האָט פלוצלונג דערפיהלט, אַז לעבען איז גאָר אַ גאַנץ לעבען, און אַז ער קען קיין גאַנץ לעבען נישט האָבען, ווייל ער האָט נור אַ האַלבע נשמה. די צווייטע העלפט פעהלט, זי מוז מען זוכען, געפינען, אַ גאַנץ לעבען צו בעקומען, און דאָס גליק פון גאַנצען לעבען...

און ער לויפט ראַש איבער דער גאַס, און פון איין גאַס אין דער צווייטער; קוקט אַלעמען אין די אויגען אַריין, זוכענדיג זיין צווייטע העלפט נשמה.

— — — — — — — — — — — — — — —

ערשט דעם צווייטען טאָג איז ער צוריק אַהיים געקומען... מיט אַ פרייד אין שטוב אַריינגעפאַלען:

— געפונען, געפונען!

דער חבר, וואָס איז נאָך אַלץ אויפ'ן געלעגער צוצויגען, פרעגט:

— וואָס?

— מיין צווייטע העלפט נשמה!

— ווי אַזוי?

דער אַריינגעקומענער זעצט זיך ביים חבר צוקאָפּענס:

—זעה, ווי איך שטראַהל! איך פיהל, מיינע אויגען גיעסען ליכט...

און צו זיך קומענדיג:

— ווי אַזוי, פרעגסט דו? איך האָב געזוכט... איך

בין אַ מאַן, מוז, טראַכט איך, מיין צווייטע העלפט נשמה זיין ביי׳ן אַ פרוי. געה איך אין די גאַסען און זוך ביי פרויען... פון פרויען-אויגען, טראַכט איך, מוז צו מיר אַרויסקוקען מיין צווייטע העלפט נשמה, נאָך וועלכער איך בענק. און טרעף איך די אויגען, וועל איך זיי דערקענען. יענע העלפט בענקט דאָך אויך נאָך מיינער... זי וועט אַ ציטער טהון ... בין איך געגאַנגען, געגאַנגען, געגאַנגען———

— און געטראָפען!

— אויגען זאָג איך דיר! אַח, אויגען! מיין צווייטע העלפט נשמה קוקט אַרויס, מיט אַזאַ האַרציגקייט... זי האָט מיך בעמערקט; אונזערע אויגען -- זיך געטראָפען. זי האָט, ווי איך האָב פריהער געוואוסט, אַ ציטער געטהון; אויפ׳ן גאַנצען לייב אַ ציטער. זי האָט זיך דאָך בעהערשט, מיט געוואַלד פון מיינע דעם בליק אָבגעריסען און ווייטער געגאַנגען. איך געה איהר נאָך. ווי אַ שאָטען געה איך איהר נאָך. פון גאַס צו גאַס. זי קלאַפּט אין אַ טויער ... מען עפענט. איך ציטער — דאָס הויז וועט מיר איינשלינגען מיין צווייטע העלפט נשמה. און אַזוי איז געשעהען. נור פאַר׳ן אַריינגעהען, האָט זי זיך אויף אַ סעקונדע צו מיר אומגעקעהרט, אַ בליק געוואָרפען, אַ גוטען, אַ האַרציגען. מיין צווייטע העלפט לעבען האָט זיך מיט מיר געזעגענט, אויף איבער נאַכט געזעגענט... אַזוי האָב איך געפיהלט, אַזוי האָב איך געמוזט פיהלען, און אַ גאַנצע נאַכט אויף און אָב פאַר׳ן טויער געשפאַנט, מיט מיין העלפט נשמה ביי דער צווייטער אויף דער וואַך...

דער מאָרגען גראָהט, דער מאָרגען בלייכט... דער טאָג וועקט זיך,———

— זי האָט זיך בעוויזען...

— געוויס! מיך מיט אַ לייכטער קאָפּ-בעוועגונג בעגריסט! מיט אַ קוים-קוים געברייטעלט שמייכעלע אַרום די זיסע ליפּען. איך בין צוגעגאַנגען.

— גוט מאָרגען...

— גוט יאָהר! דער שטילער ענפער...

איך האָב זי בעגלייט ... דערנאָך ערלויבניס בעקומען, זי צו בעזוכען, איהרע עלטערן וועלען בעשטעהען ... היינט אָוועגד געה איך! ווינש מיר גליק! איך האָב ליעב, בין געליעבט, מזל-טוב זאָג ...

— נאַר! — ענטפערט דער צווייטער — דו האָסט קוים אַ כלה... איך, ליגענדיג דאָ, האָב מעהר דורכגעלעבט... אַ כלה געהאַט, אונטער דער חופה געשטאַנען... קינדער געהאַט ... דריי, פיער, פינף... דערנאָך קינדס-קינדער ...

בײ דײן אַרײנקומען אַיין אײניקעל בעגראָבען ...

— — — — — — — — — — — —

# א חלום פון א ליטווישן מלמד.

## 1. דער ליטוואַק פאָהרט.

קנעלט בײ'ן אַ רײכן אַרענדאַר אין דאָרף אַ מלמד. צווײ בנים האָט דער אַרענדאַר געהאַט, זאָלען זײ חאָטש עברי קענען...

און אַ מישנע גענומען אַ ליטווישען מלמד; גרויסע בריות אויף אויסלערנען עברי...

קײן גרויסע פעולה זעהט מען נאָך נישט. די בנים — ווילדע בּרואים, אויסגעקאָכט מיט די שקצים, נישט אָבּ-צורײסען פון פערד, פון טײך, פון די לאַדאָכיס מיט סמע-טענע און זויער-מילך... און דאָ געהט שוין צו פסח, דער מלמד פאָהרט אַהײם...

קײן גרויס נחת האָט דער אַרענדאַר דערפון נישט, ער וועט מוזען פאָהרען עקסטראַ אין אַ נאָהנט שטעטעל אַרײן און ברענגען אײן אורח, אַניט איז בײ'ן איהם דער סדר קריעת ים-סוף. שטעלט ער אַלײן אויס די מינים, מוז ער זיצען מיט'ן רוקען צום סדר...

עס איז אָבער קײן תירוץ נישט. פסח, דער יום-טוב פון חירות, ער האָט אויך אַ ווײב און קינדער אין דער הײם, — מוז ער פאָהרען...

דער מלמד אַלײן רעדט נישט פון פאָהרען, אַ פערטראָ-גענער למדן! און אפשר שעמט ער זיך, מוז מען פאַר איהם

געדענקען. און מאַכען איהם אַ סיורפּריז.

און צו דער רעכטער צייט בעט מען אויס אַ פוהר מיט שטרוי. די אַרענדאַרקע פּאַקט אין שטרוי אַריין מכל טוב; דער רביצין אויף יום-טוב. אַ פּעסעלע קוואַס, אַ פּאָר טעפּליך שמאַלץ, אַ לעבעדיגען אינדיק...

— יאַנעק, זאָגט זי צום שמייסער, וואָס שפּאַנט איין, וועסט זיצען מיט די פיס אַרויס!

דאָבּושע! ענטפערט יאַנעק; מיט דער אַרענדאַרקע שפּאַרט מען זיך נישט. אַ יודענע אַ מזיק. פון איהרס אַ בליק ווערט ניכטערן אַ שכורער פויער, און דערלאַנגט זי אין באַק, געהט מען אַ וואָך אַרומגעבונדען...

— שפּאַן און פערפאָהר!

יאַנעק פערפאָהרט. די אַרענדאַרקע שטעלט זיך ביי דער טהיר, זי וועט נאָכרופען: פאָהרט לחיים ושלום! זי האָט איהם נישט ליעב, דעם ליטוואַק, דעם אויסגעדאַרטען למדן מיט די ברעמען איבער די אויגען און צושויבערטע באָרד מיט פאות, וואָס רעדט נישט מיט קיין אשה אַ וואָרט, אָבער כבוד התורה. אַ למדן מוז ער זיין; אַלע ליטוואַקעס זענען למדנים. און דער אַרענדאַר געהט אין שטוב אַריין צום מלמד, אָנזאָגען די בשורה.

טרעפט ער איהם אַליין איבער דער גמרא... די בנים זענען שוין ערגיץ אין דאָרף, אין קעלער, צי ביים טייך...

שטעלט זיך דער אַרענדאַר אָב אין טהיר:

— רבי, געשפּאַנט...

ענטפערט ער נישט, דער ליטוואַק.

פערטייטשט ער איהם:

— פּאַר אייך... אַ פוהר, אַהיים צו פאָהרען אויף יום-טוב.

— איך פאָהר נישט! ענטפערט איהם יענער, נישט אָב-רייטענדיג קיין אויג פון דער גמרא...

— וואָס רעדט איהר, רבי?

נבהל ונשתּומם ווערט דער אַרענדאַר: ווי הייסט איהר כּאָהרט נישט? איז דאָך יעדער ליטוואַק אַ כּעסן, בפרט אַ תּלמיד-חכם, בריהט ער איהם אָב מיט דבורים:

— עם הארץ, בטול תּורה!

לויפט ער אַרויס, דער אַרענדאַר, דערציילט דער פּלונית'טע אַזוי און אַזוי...

„אַ ליטוואַק, פאַר אַ בלאַט גמרא איז ער גע'פּועל'ט, איך ווייס וואָס"...

—און אפשר גלייכער, צוניץ קומען, זאָגט ער, ביים סדר.

די אַרענדאַרקע הייסט אויסשפּאַנען, אויספּאַקען... דרך ארץ פאַר'ן למדן האָט זי. אָבער דאָך איין אשה, טהוט איהר דאָס האַרץ וועה אויף יענער אשה, וואָס וועט מוזען געהען הערען קדוש צו'ן אַ פרעמדען סדר... און דער צער פון די קינדערליך.

פערפאַלען! נור פאָהרען, טראַכט זי, וועט ער שוין. אויב נישט שבועות, אַ צו קורצער יום-טוב, אויף סוכּות. זי וועט איהם אַרויסטרייבען מיט אַ קאָציערע!

וכך הוה.

פאַר סוכּות פּאַקט מען ווייטער אָן אַ וואָגען. יאַנעק שפּאַנט איין, פערפאָהרט מיט'ן קנאַק, און אַריינגעהן אָנזאָגען, געהט שוין די אַרענדאַרקע.

איהר זאָגט מען נישט אָב.

ער זיצט ווייטער ביי דער גמרא, און זי שטעלט זיך אין טהיר און גיט אַ זאָג:

— רבי, איהר פאָהרט אַהיים!

גיט ער אַ ציטער, נור רייסט זיך נישט אָב פון לערנען.

מאַכט זי אַ שפּרייז אין שטוב אַריין, פרעגענדיג:

— איהר פאָהרט צי ניין?

שטעלט ער זיך אויף, פערמאַכט די גמרא און געהט.

זי טרעט איהם אָב פון וועג, און אַז ער קומט צו דער טהיר, רופט זי איהם נאָך, שוין ווייכער:

— נעמט מיט די גמרא... שייז אין דרויסען, פּוילישער

יעשען... זיצט אייך אויך אויפ׳ן געזעס און לענט.

שפּרייזט ער צוריק, נעמט די גמרא, געהט אַרויס צו דער פוהר, דער אַרענדאַר זעצט איהם אויף.

יאַנעק גיט אַ קנאַק מיט׳ן בייטשעל, די פערד ריהרען, דער אַרענדאַר מיט דער אַרענדאַרקע רופען נאָך:

— פאָהרט לחיים ולשלום...

דער ליטוואַק ענטפערט נישט... ער לערנט שוין...

און די פוהר ווערט נעלם אין וואַלד.

## 2. אין וואַלד. דער ליטוואַק און די קרעטשמערקע.

איז טאַקי תורה די בעסטע סחורה און די בעסטע שמירה... אָבער משנה מנהג זיין, נישט אַהיים פאָהרען אויף פסח צו ווייב און קינד, פערשטערען זיי אַזאַ יום-טוב, איז נישט קיין קלייניגקייט...

פאָהרט מען אַזוי אין וואַלד. אַיין אַלטער וואַלד... ביי-מער ווי די ריעזען, שטעקען פון דער ערד אַרויס די קניען קאַפּויער. דאָס פיהרעל וואַרפט זיך איבער די נאַקעטע וואורצ-לען. אין מערב לאָזט זיך אַראָב אַ פלאַם! די שטאַמען, ווי אונטער גרין-סאַמעטענע חופות, פלאַמען אין גאָלד. אויף דער ערד וואַלגערן זיך אַרום, ציטערן און פלאַטערן ליכטיגע רעד-ליך, ווי די זילבערנע מטבעות... הערט זיך אַ פויגעל, אַ צווייטער... יאַנעק פייפט אַ גוייש ליעדעל... דער ליטוואַק הערט נישט, אין דער סוגיא פערטיעפט. נור אָט, דאָס פיה-רעל איז אַרויף אויף אַ צווייג, שפרינגט אונטער, דער ליט-וואַק, גיט אַ קליינעם פליה אין דער הייך, און — דערזעהט דעם וואַלד. און דערזעהט אַ בוים, אַיין אַלטען, אַ גאָלדענעם, פערגעסט ער אָן דער גמרא, וואָס גליטשט זיך איהם פון שויס אַראָב, און רופט אויס:

— מה נאה אילן זה!

און ער דערמאָנט זיך, וואָס די אַרענדאַרקע האָט געזאָגט:
„פוילישער יעשען!”

— אַה, דאָס איז — ציטערן איהם די לעפּצען — פוילישער יעשען... אַ כשוף! אַ כשוף!

אין מיטען הערט ער:

— טפּרו — ו!

יאַנעק שטעלט אָב די פערד.

פון די ביימער אַרויס קומט אַ פּייערטע. אויך אַ פלאַם — אַ רויטע ספּאָדניצע, אַ פערפלאַמט פנים, רויטע בענדער פלאַ־טערן אַרום קאָפּ...

ער קען קיין אויג נישט אָברייסען פון דער פלאַם. און יאַנעק, אַ פנים, קען זי...

— וואָס געהט עס די קרעטשמערקע צו פוס? וואונדערט זיך יאַנעק.

אַ וואונדערליכע זאַך, אין דאָרף — קיין וואָרט פויליש נישט פערשטאַנען... און ציגד פערשטעהט ער. און עפּיס איין אַנדער קול האָט ער, יאַנעק... און זי ענפערט, און ער פער־שטעהט! אין שטאָט געוועזן, זאָגט זי, איינגעקויפט... אַ ראָד צובראָכען. דעם וואָגען מיט'ן שמייסער ביים קאָוואַל געלאָזט...

— זיצט אויף! פערבעט יאַנעק.

וויל זי צו יאַנעקען אַרויף.

— ניין, ניין, — וועהרט ער איהר — פול אָנגעפּאַקט מיט לאַדאָכים... זי זעהט דאָך, ער אַליין זיצט מיט די פיס אין דרויסען... ביים ראַבין זאָל זי זיך זעצען. אַ ראַבין, אָבער נישט קשה, ער איז אויך אַ מבין, וואָס גוטס איז...

ער לאַכט, זי לאָזט זיך צוויי מאָל נישט זאָגען, שפּרינגט צום ראַבין אויפ'ן געזעס אַרויף, ווי אַ קאַץ... יאַנעק גיט אַ פייף, די פערדליך ריהרען. זי האַפּט איהם אַרום און רוקט איהם אָב, און מאַכט זיך פלאַץ. עס וואַרפען איהם היץ און קעלט... דאָס פיהרעל — וואורצעל אַראָב, וואורצעל אַרויף, און זי:

— וואָס ציטערסט דו אַזוי, ראַבין?

ביי'ן אַ שטאַרקערען טרייסעל גיט זי אויף אַ ציטער און
חאַפּט איהם אָן ביי'ן אַ האַנד.

רייסט ער אויס די האַנד, לאַכט זי:

— עה, נאַרישער ראַבּין!

און עס וואַרפּט. און קניה קלאַפּט אָן קניה. ער ריקט
זיך ווי ווייט מעגליך אָב; לאַכט זי נאָך קלינגענדיגער:

— נאַרישער, נאַרישער רבי... ווער זעהט דאָ? ווער
ווייסט? וואָס? האָסט אַ שענער ווייב אין דער היים? ווי
הייסט זי? שפּרינצע? וויפיל האָט זי דיר שוין אָנגעקינדעלט,
די שפּרינצע? אַ דאַרע, איין אויסגעמאָגערטע מוז זי זיין...
און אַ שלימעזאַלניצע, די שפּרינצע... פון די הענד פּאַלט
איהר... און שילטען שילט זי...

— פון וואַניט ווייסט זי? פון וואַניט ווייסט זי? קרעכצט
עס אין איהם...

— און דו, זאָגט זי, ביזט נאָך אַ לייט... אַ פּאַרשוין...
מען דאַרף דיך נור אויסגלייכען...

און זי נעמט, און גלייכט איהם די אַקסעל אויס, און
הייבט דעם קאָפּ.

— אָט אַזוי, ווי אַ סאָסנע! זאָגט זי... נור די פּאות,
די באָרד!

און זי שטעלט זיך אויף קעגען איהם אין דער פוהר,
פערגלעט איהם די פּאות אונטער די אויערן, צוקעמט איהם
מיט די פינגער די באָרד...

— און אַ קוש ווילסט דו?

אַ מערכה, וואָס מען איז אַרויס פון וואַלד, און תיכף האָט
זיך בעוויזען די קרעטשמע...

— טפּרו—ו—

זי שפּרינגט אַראָב, אָן ליטוואַק — גלייך זי וואָלט פּער-
געסען...

— קום, יאַנעק, וועסט קריגען אַ קאַפּ!

יאַנעק שפּאַנט אָבער אויס די פערד. ער מוז פריהער

צום קאָוואַל, צוויי פּאָדקאָווּעס אין וואַלד פערלוירען...

די קרעטשמערקע פערשווינדט, יאַנעק רייט אַוועק. דער צומישטער ליטוואַק חאַפּט זיך, דערמאַנט זיך אָן דער גמרא, וואָס האָט זיך אַראָבגעגליטשט... ער הייבט זי אויף, קושט, עפּענט אויף דער שויס...

— געלויבט איז ע ר, געלויבט איז ע ר... שטאַמעלט ער...

דער נסיון האָט זיך אָבער נאָך נישט געענדיגט.

די זון איז שוין אײנגעאַנצען אַרונטער אונטערן וואַלד. די פענסטער פון קרעטשמע רייטלען זיך, פלאַמען אויף. פון קרעטשמע אַרויס הערט זיך געררויש, געזאַנג — פויערן טרינקען...

דאָס איז ער אָבער גובר, און פערטיפט זיך אין זיין כוגיא... הייבט אָבער אָן דער הימעל טריפען. אַ וואַרים זו-מערדיג רעגענדיל טריעפּט... און די פייערטע, מיט די הענד ביי די לענדען, בעווייזט זיך פאַר דער טהיר —

— עס רעגענט, ראַבין, עס וועט דיר דורכנעצען דאָס הייליגע ספר...

ציטערט ער, און גלייך זי וואָלט עס בעמערקט:

— נישט אין קרעטשמע אַריין, זאָגט זי... נור איבער דער קרעטשמע, אין אַ בעזונדער שטיבעל אַריין...

און דאָס רעגענדיל שטאַרקט זיך.

און אַ שטיבעל האָט זי „אַ שטילס, פאַר סוחרים, פאַר פריצים... דאָרט קומט נישט קיין קול פון קרעטשמע אַרויף...“ און „דער קאָוואַל איז אַודאי נישט אין דער היים... סיי ווי סיי וועט עס דויערען ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין“... „זיי קיין נאַר נישט, ראַבין!“

און דאָס ערגסטע פאַר אַ ליטוואַק איז צו זיין אַ נאַר... און פון רעגענדיל איז שוין רעגען, די גמרא-בלעטער פיטש-נאַס... קריכט ער צַראָב, ווייזט זי איהם די טרעפּליך צום שטיבעל אַרויף... געהט ער אַרויף, קומט אַריין: אַ טיש, אַ שטוהל, אַ בעט... און אַ ליכט אָנגעגרייט...

אוי, ווען ער האָט אַזאַ שטוב צום לערנען...
עובר געווען אויף „לא תחמוד"!

און דערווייל האַפּט איהם אַ ווילד חשק צום לערנען אין דער שטוב. און ער זעצט זיך, און צינד אָן דאָס ליכט און עפענט די גמרא... און לערנט, אַ שעה, צוויי און מעהר, ביז דאָס ליכט געהט אויס, און ער לעגט זיך אויפ'ן בעט, און שלאָפט איין...

איז אַ סברא, אַז ער האָט נאָך פאַר מיעדקייט פערגעסען קריאת שמע צו ליינען.

אין דער פריה ריהרט איהם די פייערטע ביי די אַקסעל און וועקט איהם אויף:

— יאַנעקען מיט דער פוהר האָב איך, זאָגט זי, אַהיים געשיקט...

— וואָס? וואָס? שטאַמעלט ער אין שרעק.

דו וועסט דאָ, זאָגט זי, זיצען און לערנען... ס'וועט דיר קיינער נישט שטערען, אַ בעזונדער חדר... ס'וועט דיר גוט זיין, וועסט זעהן!

זיין שרעק וואַקסט.

לאַכט זי:

וואָס שרעקסט דו זיך?

ד'וויל דיך נישט מאנס זיין, חלילה... און אַז מען וועט זינדיגען אַמאָל, האָסט דו דאָך דעם זכות פון דיין הייליגער תורה... ס'וועט מכפר זיין...

און זי שמייכעלט, און גלעט איהם איבערן פנים:

און כשר'ס וועסט דו עסען... מיליכדיגס... ברויט — פון שטאָט... דו זיץ דיר און לערן... זיץ און לערן. קיינער וועט דאָ נישט אַרויפקומען, קיינער וועט נישט וויסען... נור דו און די תורה...

די תאוה פון למדן וואַקסט.

— אָבער סוכות, שטאַמעלט ער, סוכות!

און אַ וואונדערליכע זאַך... זי פערשטעהט גאָר יודיש, און ענטפערט:

— וועסט דיר מאַכען אַ סוכה, אַ כשר׳ע סוכה... ך׳וועל דיר געבען ברעטער, ברענגען סכך פון וואַ׳לד...

און ער איז געבליבען...

---

## 3. ביי דער קליפּה צווישען די נעגעל.

געבליבען...

די קרעטשמערקע האָט געהאַלטען וואָרט, געגעבען נור מיליכדיגס און ברויט — יודיש ברויט פון שטאָט.

מכפּר צו זיין די זינד, וואָס ער זיצט ביי'ן אַ ערלית, האָט ער אַ נדר געטהון: אויף אַ מעת לעת אַ שעה וועניגער צו שלאָפען און אַ שעה מעהר צו לערנען. און וועט אויך האַלטען וואָרט.

פערטיעפט אין לערנען, וואָלט ער אפשר גאָר אָן סוכות פערגעסען; זי אָבער דערמאַנט.

זי קומט אַרויף, שטעלט זיך איהם קעגענאיבער, לעגט די רויטע נאַקעטע הענד פאַר איהם אויפ'ן טיש, מיט די פינגער ביז צו דער גמרא, און שמייכעלט:

— איז דיר גוט, ראַבין?

— גוט, גוט... שטאַמעלט ער.

— און פאַר וואָהלטאָג האָסטו פערגעסען, וואָס היינט איז?

— וואָס איז היינט?

— ערב סוכות. איך אָבער האָב נישט פערגעסען. אויפ'ן הויף ליגען שוין ברעטער, אַמישנע אַ שטעלעכעל צונומען...

זי האָט שוין אפילו געשיקט אין וואַלד אַריין נאָך סכך...

— עפּיס גאָר אַ צוגעשיקטע זאַך, — טראַכט ער, — אַיין

ערלית, פערשטעהט און רעדט יודיש, ווייסט וואָס סכּך איז.

אָבער אַראָבגעהן גליסט זיך איהם נישט. ער קען די אויגען פון דער גמרא נישט אויפהייבען.

גוט... זאָל ער זיך לערנען. זי ווייסט, ווי מען מאַכט אַ סוכּה, ווי מען בעדעקט מיט סכך. פאַרנאַכט וועט זי איהם רופען צו „קדוש".

„קדוש" ווייסט זי אויך.

און צו „קדוש" האָט זי געלאָזט ברענגען פון שטאָט ראָזינקע-וויין. זי ווייסט, ער וועט קיין נסך נישט טרינקען. און אויב דער ראַבּין וויל, קען ער מאַכען קדוש איבער חלה. דאָס ווייסט זי אויך. און חלות האָט מען געברענגט פון שטאָט, חלות ווייסע ווי שניי! זיין שפּרינצע באַקט נישט אַזוינע חלות.

— נור קיין פלייש, זאָל ער שוין מוחל זיין, וועט ער נישט האָבען...

— צי ווייסט זי פון „בשר שנתעלם מן העין אויך"?

— פאַר דאָס וועט זי דעקען אַ טיש! אַ טישטוך — אַ ווייס, ליכט—גרויסע, כּשר'ע ליכט...

זי געהט אַריבער צו דער צווייטער זייט טיש און לעגט איהם די ווייכע האַנד אויף די אַקסעל:

— דו וועסט דיר זיצען אין סוכּה, עסען און טרינקען, און שלאָפען אין סוכּה...

מען וועט איהם אַריינשטעלען אַ בעט... בעטגעוואַנד, אויך ווייס ווי שניי...

ער ציטערט אין גאַנצען —

— אָבער דו, מאַרטאַ (ער ווייסט שוין, ווי זי הייסט) דו, מאַרטאַ, בעט ער זיך, — זאָלסט אין סוכּה אַריין נישט קומען, עס פּאַסט נישט...

— איך ווייס, איך ווייס — שמייכעלט זי — צום עסען נישט, צום בענשען — נישט... כּל-זמן די ליכט וועלען ברענען — אויך נישט...

און פערשווינדט...

ער בלייבט צושראָקען און צומישט... פערגעסט די גמרא און זיצט אין זיך אַריין פערזונקען. און זיצט אַזוי אַ שעה און צוויי. דערנאָך דערהערט ער די האַק, וואָס אַרבייט, צוזאַמענשלאָגענדיג ברעטער אין הויף...

— אַ לייטער! רופט מאַרטע אין הויף —

זי וועט אַוודאי לעגען דעם סכך. עמיץ פון קרעטשמע העלפט איהר, אַפנים. אויך אַ גוי...

וואָס פאַר אַ סכך, וואָס פאַר אַ סוכה וועט עס זיין? וועט ער דאָרט זאָגען די „אושפיזין"?

און ער גריבעלט אַזוי אין זיך, און גריבעלט, ביז די זון געהט אונטער און מאַרטע רופט צו איהם אַרויף:

— ראַבין מיינער, ראַבין ליעבער, שטעל דיך דאַווענען. די זון לאָזט זיך אַראָב... באַלד וועלען זיך אין הימעל שטע-רענדליך בעווייזען... אַזאַ שענע נאַכט, אַזאַ שטילע נאַכט... אַזאַ אשה צנועה טראַכט ער. די ערלית.

געמוזט אַמאָל זיין אין שטאָט, דיענען ביי'ן אַ יוד, ווייסט די דינים, אפילו די דינים פון סוכה, און ווייסט, וואָס אַ ראַבין — אַ יוד אַ למדן איז...

און ווי ערליך זי האַלט איהם... אויף זיין שפּרינצען געזאָגט... זי וועט זיך גאָר אפשר, איהם צוליעב, מגייר זיין...

און ער שטעלט זיך דאַווינען...

## 4. הושענא רבא ביינאַכט.

און ער האָט מקיים געווען מצות סוכה מיט אַלע פּי-טשעווקיס. געגעסען, געדאַווענט, געלערנט אין סוכה, גע-שלאָפען ...

הושענא רבא ביינאַכט... נאָך וויעטשערע, ער זיצט און לערנט, דער קאָפּ וויעגט זיך ווי איין אומריה אין דער ברייט... בעמערקט ער פּלוצלינג, אַז זיין קאָפּ וואַרפט איבער'ן בעלייכטען טיש קיין שאָטען נישט.

דערשרעקט ער זיך, הייבט זיך אויף, געהט איבער דער סוכה. אויף און אָב, איבער דער לענג, איבער דער ברייט, — דער גאַנצער גוף האָט קיין שאָטען נישט.

גיט עס איהם אַ חאַפּ ביי'ם האַרץ, ווי מיט אַ צוואַנג, אין די שלעפען קלאַפּען העמערליך. ער לויפט אַרויס אויפ'ן הויף — אַיין אויסגעשטערנטע לבנה-נאַכט... די קרעטשמע וואַרפט איהר שאָטען איבער'ן הויף...

אָנגעשפּאַרט ביי'ם דאַך שטעהט אַ לייטער, די לייטער האָט איהר שאָטען. אויפ'ן דאַך שטעהט אַ קאַץ, זי האָט איהר שאָטען. און זי קוקט צו איהם אַראָב מיט רויטע אויגען. און —

— מיאַ—ו, מיאַ—ו!

זי לאַכט עס אויס איהם:

— איך בין נור אַ קאַץ און האָב מיין שאָטען, און דו,

ליטוואַק-למדן, האָסט קיין שאָטען נישט!

דרעהט ער זיך אָב, ער קען איהרע רויטע אויגען נישט אויסהאַלטען. קומט פון ביידעל אַרויס „בריטאַן"... אויף דער גאַנצער לענג פון דער קייט אין הויף אַריין קומט ער, און

— וואַר, וואַר!

צו דער קאַץ? ניין, אויף איהם וואַרקעט ער, דער הונד.

— איך בין אַ הונד און האָב מיין שאָטען... מיין קייט האָט איהר שאָטען. און מאַך איך מיט'ן עק, האָט דער עק זיין שאָטען און וואַרפט זיך גלייך מיט איהם. וואו האָסט דו דיין שאָטען אַהינגעטהון, ליטוואַק? חייב מיתה ביסטו געוואָרען, ווערסט דאָס יאָהר נישט אויסלעבען! וואַר — וואַר!

ניין!

ער מוז זיין לעבען ראַטעווען! ער מוז אַוועק פון קרעטשמע... צום אַרענדאַר, אַהיים... ער מוז אַוועק פון דער ערלית צו זיין שפרינצע, צו זיין אשת חיל די צנועה, צו דער מאַמען פון זיינע קינדער...

אָבער ווי אַזוי בעפרייט מען זיך?

עס איז דאָך אַ כשוף, די ערלית... די מאַרטע... ער מוז זי נישט אַנדערש נור דערהאַרגענען... כל זמן זי לעבט, פיהלט ער, כל זמן זי האָט אָפענע אויגען, כל זמן זי קוקט אויף איהם מיט איהרע אויגאַניס, וועט ער זיך פון דער קליפה נישט בעפרייען — טייטען מוז ער זי...

און אינ'ם אויפגעקאָכטען האַרץ שרייט עס:

— טייטען, טייטען!

דערנאָך וועט ער תשובה טהון... ער וועט באַדיי צו'ן אַ רבין פאָהרען (ביים גאַנצען לעבען אויף גוטע יודען חוכא וטלולא געמאַכט), אַ תשובה אַרויסנעמען... תעניתים, גלגול שלג, וואָס עס קען נור זיין פאַר יסורים...

און אפשר וואָלט גאָר קיין בלוט נישט געגאַנגען... ביים ערשטען קלאַפּ וואָלט די קליפה צורינען געוואָרען, ווי אַ רויך זיך צולאָסט...

אַלץ איינס. ער מוז טהון זיינס...

אין סוכּה, דערמאַנט ער זיך, וואַלגערט זיך אַרום אין ווינקעל די האַק, מיט וועלכער מען האָט צוזאַמען געשלאָגען די ברעטער...

און ער לויפט נאָך דער האַק. —



## 5. דער ליטוואַק פאָהרט אַהיים און טהוט אַ נדר.

דאָס ליכט אין סוכּה האָט זיך שוין אויסגעברענט; ער טאַפּט, געפינט די האַק אין דער פינסטער, נעמט זי און שטעלט זיך אין סוכּה ביי דער טהיר...

ער וועט זי אָבוואַרטען, זי וועט דאָך קומען...

ביים ערשטען אַריינבייגען דעם קאָפּ, וועט ער איהר מיט דער האַק דערלאַנגען...

וואַרט ער זי אָב אַ שעה און צוויי, מאַרטאַ קומט נישט... שטיל, מען הערט קיין טריט...

די מכשפה האָט זיך אפשר געשטויסען. אפשר האָט זי איהם געזעהן פון פענסטער פון איהר גרויסער שטוב אין דער הייך אין הויף, און פערשטאַנען נאָך וואָס ער לויפט.

מאַכט נישט אויס, ער געהט מיט דער האַק צו איהר.

קומט ער צום פראָנט פון קרעטשמע, — זי איז פינסטער, די פענסטער פון אינערווייניג פערלאָדענט, די טהיר פער־מאַכט. רופען קען ער נישט, פערשניערט דער האַלז. קלאַפּט ער פריהער מיט דער האַנד, דערנאָך מיט דער האַק. קיינער ענפערט נישט. הייבט ער דעם קאָפּ אויף צום פענסטער פון מאַרטאַס גרויסער שטוב אין דער הייך — דאָרט לייכט זיך, דאָרט לייכט זיך שטאַרק. די שייבליך פלאַממען. אַ שמחה מוז

דאָרט זיין, אַ געוויש הערט זיך, אַ פרייהליכס. אַ האַרמאָני-
קע רופט זיך אָן, אַ פייפעריל ציהט מיט...

— לחיים! — רופט מען—אויף גויש. אויפ׳ן ליטווישען
מלמד׳ס פּאָהיבעל!

— פערפאַלען, שוין דעם שאָטען פערלוירען! לאַכט מען.
זי — אויך...

ווייסט ער שוין, אין וועמס הענד ער איז אַריינגע-
פאַלען. אַיין אַנדערער, — ענטלויף, ווי פאַר אַ פייער. איז
ער דאָך אָבער אַ קפדן — אַ ליטוואַק, צופלאַקערט זיך אינ׳ם
נאָך מעהר די רציחה. ער מוז אַרויף צו איהר. ער מוז זיך
נוקם זיין, טויט שלאָגען.

געדענקט ער דאָך, אַז אויף יענער זייט הויז שטעהט,
אָן דאַך אָנגעשפאַרט אַ לייטער, לויפט ער נאָך איהר, ברענגט
זי. שטעלט זי אויף, שפאַרט אָן אָן פענסטער און קריכט,
מיט דער האַק אין דער האַנד, אַרויף!

פלוצלינג — טראַך!

אַ שטאַפעל ברעכט זיך אונטער, ער פאַלט אַראָב, אַראָב.
פאַלט לאַנג, ווי אין אַ תהום, אין אַ גיהנם אַריין. און פאַלט
מיט׳ן קאָפּ אויף עפּיס האַרטס און חאַפּט זיך אויף...

ער איז אין וואַלד... איינגעשלאָפען, און פון דער פוהר
אַראָבגעפאַלען...

— יאַנעק! יאַנעק! שרייט ער נאָך דער פוהר —

קוים יאַנעק האָט דערהערט און זיך אָבגעשטעלט, דער-
זעהען, ווער עס רופט...

אָבער אויפהייבען אַליין קען ער זיך נישט. מיט׳ן קאָפּ
אויף אַ וואורצעל פון אַ בוים געטראָפען, בלוט טריעפט...

נישט געפעהרליך. יאַנעק האָט אַראָבגעחאַפּט אַ שמאַטקע-
לע פון אַ לאַדאָך מיט זויערמילך, און אַרומגעבונדען. און אויפ-
געהויבען, און אויף דער פוהר צוריק אַרויפגעזעצט...

מען פאָהרט ווייטער און פאָהרענדיג, טהוט דער ליטוויש-
ער מלמד אַ נדר:

פון שטוב און גאַס.

— נישט משנה מנהג זיין! וואו ער זאָל נישט קנעלען, אויף פסח, אם ירצה השם, פאָהרט ער אַהיים... צו זיין שפּרינצע, צו זיינע קינדערליך.

וואָרט וועט ער האַלטען, דער ליטוואַק!

---

